**Chekhov, Anton Pavlovich.**
**Sarah Abramson : drame in fir aktn / fray ibergezetst ... Y. M. Broyn.**
**Varshe, 1928.**

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005-1898.23

**Chekhov, Anton Pavlovich, 1860-1904.**
Sarah Abramson : drame in fir aktn / fray ibergezetst ... Y. M. Broyn.
Varshe : Teofilm, 1928.
130 p. ; 23 cm.

1. Russian drama--Translations into Yiddish.--lcsh
I. Braun, Ch. M. II. Poland-Warsaw

ID : NXYH02-B4622 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /26492

Reduction ratio X 10.0

אַנטאָן פּ. טשעכאָוו

# שרה אַבּראַמסאָן

דראַמע אין פיר אַקטן

פריי איבּערגעזעצט און אינסצעניזירט
פאַר דער יידישער בינע

דורך י. מ. ברוין.

פארלאג „טעאפילם"ווארשא.

אַנטאָן פּ. טשעכאָוו

# שרה אַבּראַמסאָן

א דראמע אין פיר אקטן

פריי איבערגעזעצט און אינסצעני־
זירט פאר דער יידישער בינע דורך
י. מ. ברוין.

מיין אדרעס:
Chil-Majer Braun
Warszawa-Praga Szeroka 33/16
Poland

פארלאג „טעאפילם", ווארשע.

1 9 2 8

מיין אדרעס:
Chil-Majer Braun
Warszawa-Praga
Szeroka 33 m. 16
Poland

---

# SARA ABRAMSON

## Dramat w czterech aktach

## A. CZECHOWA

Wolny przekład i inscenizacia

CH. M. BRAUNA

Wydawnictwo „TEAFILM“
Warszawa. 1928 r.

Dru GRAFIA“ Warszawa, Nowolipki 22

## פערזאָנען:

איוואַנאָוו, ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש—אַ גוטסבעזיצער און בּאַ־אַמטער אין דער קרייז־פאַרוואַלטונג.

אַננאַ פּיעטראָוונאַ,—זיין פרוי, פון דער היים **שרה אַבּראַמסאָן**

שאַבּעלסקי, מאַטוויעי סעמיאָנאָוויטש—אַ גראַף, איוואַנאָווס אַ פעטער פון דער מוטערס צד.

לעבּעדיעוו, פאַוועל קירילימש—פאָרזיצער פון דער קרייז־זעלבּסטפאַר־וואַלטונג.

זינאַאידא סאַווישנאַ—זיין פרוי.

סאָשאַ—זייער טאָכטער, 20 יאָר אַלט.

לוואָוו, יעווגעני קאָנסטאַנטינאָוויטש—אַ יינגער שטאָטישער דאָקטאָר.

באַבּאַקינאַ, מארפא יעגאָראָוונאַ—אַ יינגע אלמנה, אַן ערד־איי־גענטימערין, אַ טאָכטער פון אַ רייכן סוחר.

קאָסיך, דמיטרי ניקיטיטש—אַן אַקציז־בּאַאַמטער.

באָרקין, מיכאַאיל מיכאַאילאָוויטש—איוואַנאָווס אַ וויטער קרוב און דער פאַרוואַלטער פון זיין גוט.

אַוודאָטיאַ נאַזאַראָוונאַ—אַ זקנה מיט אַן אומבאַשטימטער באַשעפטיגונג.

יעגאָרושקאַ—אַ קעסט־קינד ביי די לעבעדיעווס.

ערשטער גאַסט.

צווייטער גאַסט.

דריטער גאַסט.

פערטער גאַסט.

פיאָטר—אַ לאַקאַי ביי איוואַנאָוון.

גאַווריל—אַ לאַקאַי ביי די לעבעדיעווס.

געסט פון ביידע געשלעכטער.

ציגיינערינס.

לאַקאַיען.

אָרט: אַ קרייז־שטאָט אין מיטל־רוסלאַנד.

# ערשטער אַקט

אַ סאַד אין איוואַנאָווס גוט. לינקס זעט זיך אַ פֿאָדערשטע וואַנט פֿון אַ הויז מיט אַ טעראַסע. איין פֿענסטער איז אָפֿן. פֿאַר דער טעראַסע געפֿינט זיך אַ ברייטער האַלב־קײַלעכדיקער קליינער פּלאַץ, ביי וועלכן עס הויבן זיך אָן — רעכטס און לינקס — אַלייען, וואָס פֿירן אין סאָד אַריין. אויף דער רעכטער זייט — בענק און טישלעך. אויף איין טישל ברענט אַ לאָמפּ. ס'איז בין־השמשות. ווען עס הויבט זיך אויף דער פֿאָרהאַנג הערט מען, ווי אין שטוב ווערט געשפּילט אַ דועט אויף קלאַוויר און וויאָלאָנטשעל.

איוואַנאָוו זיצט ביי אַ טישל און לעזט אַ בוך. באָרקין, אין גרויסע שטיוול און מיט אַ ביקס אויף די פּלייצעס, באַווייזט זיך אין דער טיף פֿון דעם סאָד; עד איז אין אַ פֿריילעכער שטימונג; דערזעענדיק איוואַנאָוון, גייט ער צו אים צו אויף די שפּיץ נעגל און שוין שטייענדיק האַרט לעבן אים צילט ער אים אָן די ביקס גלייך אין פּנים אַריין.

---

## איוואַנאָוו

(דערזעענדיק באָרקינען, גיט אַ ציטער און שפּרינגט־אויף).

מישאַ, וואָס איז דאָס אַזוינס?... איר האָט דאָך מיך אי־בערגעשראָקן... איך בין אַזוי אויך אויפגערעגט, קומט איר נאָך מיט אייערע נאַרישע וויצן... (זעצט זיך). ער האָט איבערגעשראָקן און פֿרייט זיך...

באָרקין

(לאַכט מיט אַ קוויטש).

נו, נו... פאַרדאָן, פאַרדאָן... (זעצט זיך פאַמילאַ: יש־נאָנט ביי אי־האַנאָהן). כ׳וועל שוין נישט מער, כ׳וועל שוין נישט... (נעמט־אראָפּ דאָס היטל). ס׳איז חיים. גלויבט מיר, נשמה מיינע, עפּעס אין אַן ערך פון אַ דריי שעה האָב איך אָפּגעפּאַטשט 17 וויאָרסט... האָב איך מיך טאַקע פאַרטאַטערט... רירט נאָר אָן מיין האַרץ וועט איר זען ווי עס קלאַפּט...

איוואַנאָוו

(פּעזנדיק).

גוט, דערנאָך...

באָרקין.

ניין, איר מוזט שוין זען ווי עס קלאַפּט ביי מיר דאָס האַרץ (נעמט איוואַנאָוס האַנט און לייגט־צו צו זיין האַרץ). איר הערט? טאַ — טאַ — טו — ט — טאַ — טאַ — טו — טו !... איך האָב, הייסט עס, אַ האַרץ-פעלער און יעדע מינוט קען איך איינס־צוויי דריי געבן אַ שטאַרב־אַוועק... הערט־נאָר, איר וועט באַדויערן, אַז איך וועל שטאַרבן?

איוואַנאָוו.

איך לעז... דערנאָך...

באָרקין.

ניין, ערנסט וויל איך וויסן, צי איר וואָלט באַדויערט, ווען איך זאָל פּלוצלונג שטאַרבן? ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש, איר וועט באַדויערן, אַז איך וועל שטאַרבן?

איוואַנאָוו

(אומגעדולדיק).

וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיר?



באָרקין.

טייבעלע מיינס, זאָגט: איר וועט באַדויערן?

איוואַנאָוו.

איך באַדויער שוין, וואָס פון אייך פילט מען בראָנפן. דאָס איז, מישאַ, עקעלהאַפט.

באָרקין

(לאַכט).

בראָנפן פילט מען פון מיר? אַ וואונדערלעכע זאַך!... איבעריגענס, איז זיך דאָ גאָרנישט דאָ וואָס צו וואונדערן. אין פּליעסניקי האָב איך באַגעגנט דעם אויספאָרשונגס־ריכטער האָבן מיר, דעם אמת געזאָגט, אַריינגעהאַקט עפּעס אַ 16 קעלישעקלעך... אין גרונד גענומען, איז טרינקען זייער שעדלעך. זאָגט נאָר, איך בעט אייך: טרינקען איז זייער שעדלעך, האַ? טרינקען איז געפערלעך, ווי?

איוואַנאָוו.

איר ווערט דאָך, ענדלעך, אונערטרעגלעך... וואָס האָט איר זיך עפּעס פאַרלייגט אויף מיר און פּייניקט מיך אָן אויפהער מיט אייערע אָקסישע קשיות?...

באָרקין.

שוין, שוין... פאַרדאָן, פאַרדאָן!... איך לאָז אייך שוין זיצן פריי... (שטייט־אויף און גייט). אַ וואונדערלעך פאָלק, אַפילו רעדן טאָר מען נישט (קערט זיך אום). אַך, יאָ! איך האָב שיער נישט פאַרגעסן... זייט אייך מטריח און שיקט-אַהער 82 רובל.

איוואַנאָוו.

וואָס פאַר אַ 82 רובל?

### באָרקין.

מאָרגן אויסצוצאָלן די אַרבעטער.

### איוואַנאָוו.

איך האָב נישט.

### באָרקין

(ניגט זיך ווי אַ פּאַיאַק).

כ'דאַנק אייך בעסטנס! (קרימט אים נאָך). איך האָב נישט... אָבער מען דאַרף דאָך אויסצאָלן די אַרבעטער? ניין?

### איוואַנאָוו.

איך האָב היינט גאָר קיין געלט נישט. וואַרט־צו ביזן ערשטן, וועל איך האָבן געלט.

### באָרקין.

נו, גיי רעד מיט אַזעלכע נפשות... די אַרבעטער וועלן קומען נאָך געלט נישט דעם ערשטן, נאָר מאָרגן אין דערפרי!...

### איוואַנאָוו.

וואָס זשע זאָל איך איצט טאָן? נו, שניידט מיך, זעגט מיך... און וואָס איז דאָס ביי אייך פאַר אַן עקעלהאַפטע מאַניער זיך אָנצולייגן אויף מיר גראָד דעמאָלט, ווען איך לעז, שרייב אָדער...

### באָרקין.

איך פרעג אייך: די אַרבעטער דאַרף מען צאָלן, צי נישט? אָבער וואָס האָב איך מיט אייך צו רעדן!... (מאַכט מיט דער האַנט אין דער לופטן). סוחרים און ערד־אייגנטימער, אומשטיינס געזאָגט... אַ ראַציאָנאַלע ווירטשאַפט... טויזנט דיעסיאַטין ערד — און קיין גראָשן אין קעשענע... אַ גאַנצער וויין־קעלער, און קיין



איין גרייצער איז נישטאָ... כ'וועל נעמען און כ'וועל מאָרגן פאַרקויפן די דריי פערד... דעם האָבער האָב איך שוין פאַר־קויפט און מאָרגן וועל איך פאַרקויפן דעם קאָרן (שפּרייזט איבער דער סצענע). איר מיינט, אַז איך וועל מאַכן מיט אייך גרויסע צע־ראָמאָניעס? איר האָט נישט געטראָפן אייער נאַר...

(מען הערט שאַבעלסקיס שטימע הינטערן פענסטער: „מיט אייך צו שפּילן איז אוממעגלעך”).

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ

(באַווייזט זיך אין אָפענעם פענסטער).

ווער האָט עס איצט גערעדט? דאָס זענט איר, מישאַ? וואָס שפּרייזט איר אַזוי ענערגיש?

### באָרקין.

מיט אייער „ניקאָלאַ־וואָלאַ” איז גאָרנישט צו מאַכן.

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

איך בעט אייך, מישאַ, הייסט מיר ברענגען היי צו שפּילן אין קראָקעט.

### באָרקין

(מאַכט אַ איגנאָרירענדן זשעסט).

פאַרדרייט מיר נישט דעם קאָפּ...

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ

(באַליידיקט).

זעט נאָר, וואָס פאַר אַ טאָן!... אייך פּאַסט גאָרנישט אַזאַ טאָן. אויב איר ווילט, אַז פרויען זאָלן אייך ליבן, זאָלט איר קיינמאָל אין זייער אַנוועזנהייט נישט זיין צו־בייז און נישט צו־סאָליד.

## איווא אָו

(באַמערקט זי).

פאַר דיר, אַניוטאַ, איז שעדלעך צו שטיין ביים אָפענעם פענסטער. גיי אַוועק, כ'בעט דיך... (שרייט) פעטער, פאַרמאַך דאָס פענסטער.

(דאָס פענסטער ווערט פאַרמאַכט).

## באָרקין.

פאַרגעסט אויך נישט, אַז צייט צוויי טעג דאַרף מען לעבעדיעוון צאָלן די פּראָצענטער.

## איוואַנאָוו.

איך געדענק. היינט וועל איך זיין ביי לעבעדיעוון און כ'וועל אים בעטן צוצוּוואַרטן...

(קוקט אויפן זייגער).

## באָר קין.

ווען פאָרט איר דאָרט אַהין?

## איוואַנאָוו.

באַלד.

## באָרקין

(לעבהאַפט).

וואַרט נאָר אויס!... היינט איז דאָך, דאַכט זיך, שוראָטשקאַ'ס געבורטס־טאָג... טע-טע-טע... און איך האָב גאָר פאַרגעסן... (שפרינגט) איך פלי אַהין... (זי גט) איך פלי אַהין... טייבעלע, גיקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש, מאַמעשי מיינע, מלאך פון מיין נשמה, איר זענט שטענדיק דענערווירט און פאַר'מרה-שחורה'ט, אָבער מיר וואָלטן דאָך צוזאַמען געקאָנט מאַכן דער טייוול ווייס וואָס פאַר אַ געשעפטן! צוליב אייך בין איך אויף אַלעם



גרייט... אויב איר ווילט קען איך צוליב אייך חתונה האָבן מיט באַבאַקינאַ'ן... אַ העלפט פונם נדן געהערט צו אייך... און אַז איר ווילט קענט איר נעמען אינגאַנצן...

## איר אַנאָוו.

אפשר וועט שוין זיין גענוג געפלוידערט?...

## באָרק ן.

כ'מיין עס ערנסט! אויב איר ווילט, וועל איך חתונה האָבן מיט באַבאַקינאַ'ן... מיטן נדן וועלן מיר זיך צוטיילן אויף דער העלפט... איבריגנס, צו וואָס זאָג איך דאָס אייך? צי וועט איר מיך דען פאַרשטיין? איר זענט אַ גוטער און אַ קלוגער מענטש, נאָר אייך פעלט דאָס אָדערל, אייך פעלט, פאַרשטייט איר מיך, שוואונג... אַז איר זאָלט זיך קענען געבן אַ הייב-אויף און צעטרייסלען מיט אייערע פליגל די לופט... איר זענט אַ פסיכאָפאַט און וואָלט איר געווען אַ נאָרמאַלער מענטש, וואָלט איר צייט אַ יאָר געקענט האָבן אַ מיליאָן... איך האָב אַ געניאַלע אידעע...

## איוואַנאָוו.

לאָזט מיך אָפּ, מישאַ, מיט אייערע געניאַלע אידעען... אויב איר ווילט זיך מיט מיר נישט צוקריגן, האַלט זיי ביי זיך...

## באָרקין

(זעצט זיך ביים טיש).

נאַטירלעך!... איך האָב עס פריער געוואוסט!... אַליין טוט איר גאַרנישט און אויך מיר בינדט איר די הענט...

## שאַבעלסקי

(ארויסגייענדיק מיט לוואָחן פון הויז).

די דאָקטוירים — זענען פונקט ווי די אַדוואָקאַטן, נאָר מיט דעם אונטערשיד, וואָס די אַדוואָקאַטן ראַבירן נאָר און דאָקטוירים

ראַבירן און הרג'ענען צוזאַמען... איך רעד נישט וועגן די אַנוועזנדע (זעצט זיך אויף א באנק). ס'קען זיין, אַז ס'פאַרוואַלגערן זיך ערגעץ אויסנאַמען פונם אַלגעמיינעם כלל, נאָר אין מיין לעבן האָב איך שוין דורכגעוואָרפן צוואַנציק טויזנט דאָקטוירים און האָב נישט געטראָפן קיין איינעם, וואָס זאָל זיך נישט אַרויסווייזן אַלס פּאַטענטירטער שאַרלאַטאַן.

## באָרקין

(צו איוואַנאָוון).

יאָ, אַליין טוט איר גאָרנישט און מיר בינדט איר די הענט. צוליב דעם האָט איר קיין געלט נישט...

## שאַבעלסקי.

איך ווידערהאָל, איך רעד נישט וועגן די אַנוועזנדע... ס'קען זיין, ס'זענען דאָ אויסנאַמען, כאָטש, כ'ווייס?...

(גענעצט).

## איוואַנאָוו

(פאַרטראַכטנדיק דאָס בוך).

וואָס וועט איר זאָגן, דאָקטאָר?

## לוואָוו

(אומקוקנדיק זיך אויפן פענסטער).

דאָסזעלבע, וואָס איך האָב אין דערפרי געזאָגט: זי דאַרף אומגעזוימט פאָרן קיין קרים.

(גייט איבער דער סצענע).

## שאַבעלסקי.

קיין קרים! פאַרוואָס, מישאַ, היילן מיר נישט קיין קראַנקע? דאָס איז דאָך אַזוי איינפאַך... ס'האָט אָנגעהויבן צו ניסן אָדער צו היסן עפּעס אַ מאַדאַם, טאָ נעם אַ פּאַפּיר און פאַרשרייב איר לויט אַלע כללים פון דער וויסנשאַפט: צום ערשט דאַרף



די אַ יונגן דאָקטאָר, דערנאָך — אַ רייזע קיין קרים, אין קרים דאַרף זי זיך אויסזוכן אַ סאָטער...

## איוואַנאָוו

(צום גראַף).

נו, מאַך מיר שוין נישט קיין וואַסער אין אויער מיט דיינע חכמות! (צו לוואָוון). אום צו פאָרן קיין קרים דאַרף מען דאָך האָבן געלט. לאָמיר אָננעמען, אַז איך וועל מיר שוין ווי־עס־איז אַן עצה געבן, אָבער זי זאָגט זיך דאָך ענטשידן אָפּ פון דער דאָזיקער רייזע.

## לוואָוו.

יאָ, זי זאָגט זיך אָפּ.

(פּויזע)

## באָרקין.

ה' דאָקטאָר! צי איז אַננאַ פּיעטראָוונאַ שוין אַזוי ערנסט קראַנק, אַז זי מוז אונבעדינגט פאָרן קיין קרים?

## לוואָוו

(קוקנדיק אויפן פענסטער).

יאָ, זי איז שווינדזיכטיק...

## באָרקין.

פּסס!... דאָס איז שוין נישט פון די גוטע זאַכן... איך האָב איר שוין לאַנג אין פּנים דערקענט, אַז זי וועט לאַנג נישט אָנטרייבן.

## לוואָוו.

רעדט שטילער... מען וועט דאָך הערן אין שטוב...

(פּויזע).

## באָרקין

(זיפצנדיק).

אונזער לעבן... דאָס מענשלעכע לעבן איז געגליכן צו אַ בלימל, וואָס איז זיך הערליך צעוואַקסן אין פעלד, איז געקו־מען אַ ציג, האָט עס אויפגעגעסן און ס'איז שוין ניטאָ מער, דאָס בלימל...

## שאַבעלסקי.

אַלץ איז נאַריש, וויסט און פוסט!... (געניצט) הבל חבלים.

(פויזע).

## באָרקין.

און איך, מיינע הערן, האַלט אין איין לערנען ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש, ווי אַזוי צו מאַכן געלט. איך האָב פאַר אים אַ וואונדערליכע אידעע, נאָר מיין פייל פאַלט, געוויינליך, אויף אַ פייכטן באָדן. ס'איז מיט אים גאָרנישט צו מאַכן. ער איז אינגאַנצן פערוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטיק מעלאַנכאָליע, ספלין, בענקשאַפט, יאוש און טרויער...

## שאַבעלסקי

(שטייט־אויף און ציט זיך אויס)

יעדן לערנסטו ווי אַזוי צו לעבן, לערן אויך מיך אויס ווי אַזוי אַ לעב צו טון... וויי־זאָ, דו קלוגער קאָפּ, עפּעס אַן אויסוועג פון דעם פּלאָנטער...

## באָרקין

(שטייט־אויף).

איך גיי זיך באָדן... אויף ווידערזען, מיינע הערן... (צום גראַף) איר האָט צוואָנציק וועגן... אויף אייער אָרט וואָלט איך צייט אַ וואָך געקענט האָבן 20,000.

(ער גייט).



## שאַבעלסקי

(גייט אים נאָך).

אויף וואָס פאַר אַן אופן? נו, זאָג שוין.

## באָרקין.

דאָ איז גאָרנישט דאָ וואָס צו זאָגן... ס'איז זייער איינ־פאַך... (קערט זיך אום). ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש, גיט מיר אַ רובל!

(איוואַנאָוו גיט אים שווייגנדיק געלט).

## באָרקין.

מערסי! (צום גראַף). איר האָט נאָך אַ סך טראָמפּ אין די הענט.

## שאַבעלסקי

(גייט אים נאָך).

נו, וואָס מיינט איר דערמיט?

## באָרקין.

אויף אייער אָרט וואָלט איך צייט אַ וואָך געקענט האָבן דרייסיק טויזנט, אויב נישט מער.

(גייט־אַוועק מיטן גראַף).

## איוואַנאָוו

(נאָך אַ פויזע).

די איבריקע מענטשן, די איבריקע ווערטער, די נויטווענ־דיקייט צו ענטפערן אויף איבריקע נאַרישע פראַגן, — דאָס אַלץ, דאָקטאָר, האָט מיך פערמאַטערט ביז צום קראַנק־ווערן. איך בין געוואָרן צורייצט, אויפגערעגט, גראָב און קליינליך ביז אַזאַ מדרגה, אַז איך דערקען זיך אַליין נישט. גאַנצע טעג טוט מיר וויי דער קאָפּ, איך בין שלאָפלאָז, אין די אויערן רוישט אָן אויפהער... און איך האָב זיך אַבסאָלוט נישט וואו אַהין צו טון... אַבסאָלוט נישט...

### לוואָוו.

איך דאַרף זיך ערנסט דורכרעדן מיט אייך, ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש.

### איוואַנאָוו.

רעדט.

### לוואָוו.

איך וויל רעדן וועגן אַננאַ פּיעטראָווּנאַ (זעצט זיך), זי איז נישט איינשטימיק צו פאָרן קיין קרים, נאָר מיט אייך וואָלט זי געפאָרן.

### איוואַנאָוו

(פערקלערט זיך).

אום צו פאָרן צוזאַמען דאַרף מען דאָך האָבן גרויסע מיטלען. חוץ דעם, וועט מען מיר נישט געבן קיין לענגערן אורלויב. אין דעם יאָר האָב איך שוין איינמאָל גענומען אורלויב...

### לוואָוו.

לאָמיר אָננעמען, אַז דאָס איז אמת. יעצט ווייטער. די הויפּט-רפואה פאַר שווינדזוכט איז די אַבסאָלוטע רו און אייער פרוי האָט נישט קיין איין מינוט רו. זי ווערט כסדר אויפגערעגט דורך אייערע בעציהונגען צו איר. ענטשולדיקט מיר, וואָס איך מוז אייך זאָגן גלייך אין די אויגן אַריין, אַז אייער אויפפירונג דערשלאָגט זי (פּויזע). ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש, ערלויבט מיר צו קלערן וועגן אייך בעסער!...

### איוואַנאָוו.

דאָס איז אַלץ אמת, אמת... איך בין אונבעדינגט שרעקלעך זינדיק, נאָר מיינע געדאַנקען האָבן זיך פערפּלאָנטערט, מיין נשמה איז געשמידט אין אַ מין עצלות, און איך בין נישט



אימשטאַנד זיך אַליין צו פע־שטיין (קוקט אויפן פענסטער). מען קען אונז דערהערן; קומט, וועלן מיר זיך דורכשפּאַצירן (זיי שטייען־אויף). איך, מיין ליבער פריינט, וואָלט אייך דערציילט פון אָנהויב אָן, נאָר ס'איז אַ לאַנגע און קאָמפּליצירטע געשיכטע, וועלכע איך וואָלט ביז אין דערפרי נישט געענדיקט (זיי גייען). אַניוטאַ איז אַ מערקווירדיקע, אַ אונגעוויינליכע פרוי... צוליב מיר האָט זי אַוועקגעוואָרפן איר גלויבן, פערלאָזן טאַטע־מאַמע, אַוועקגעגאַנגען פון רייכטום און ווען איך וואָלט געווען געפאָדערט נאָך הונדערט קרבנות, וואָל זי זיי געבראַכט אָן אַ פינטל מיטן אויג. נו, און איך?... איך בין אַבסאָלוט נישט אָריגינעל און האָב מיט קיין שום זאַך נישט געאָפּפערט... דאָס טרויעריקסטע, ליבער דאָקטאָר, איז דאָס, וואָס איך האָב חתונה געהאַט נאָך אַ ליידנשאַפטליכער ליבע און האָב געשוואוירן צו ליבן אייביק, אָבער ס'זענען דורכגעגאַנגען פינף יאָר און זי ליבט מיך נאָך אַלץ, אָבער איך... (צעשפּרייט די הענט אין דער לופטן). איר האָט מיר נאָר־וואָס געזאָגט, אַז זי וועט קירצליך שטאַרבן און איך פיל נישט נישט קיין ליבע, נישט קיין בעדויערן, נאָר עפּעס אַ פּוסטקייט, אַ מידקייט... אויב מען זאָל די זאַך בעטראַכטן פון דער זייט מוז עס זיין שרעקליך; אַליין אָבער פערשטיי איך נישט וואָס עס טוט זיך מיט מיין נשמה...

(זיי פערשווינדן אין די אַלייען).

### שאַבעלסקי

(קומט־אַריין און לאַכט).

עהרן־וואָרט, דאָס איז נישט קיין שווינדלער, נאָר אַ דענקער, אַ ווירטואָז! אַ מאָנומענט דאַרף מען אים אויפשטעלן. אין אים אַליין האָט זיך קאָנצענטרירט דער גאַנצער מאָדערנער עפּוש אין אַלע זיינע פאָרמען. (זעצט זיך אויף אַ טרעפּ ביי דער טעראַסע). און דאָס וואונדערליכסטע איז, וואָס ער האָט דאָך אין ערגעץ קיין קורסן נישט געענדיקט... וואָס פאַר אַ געניאַלער אויסוואורף וואָלט ער נאָך געווען, ווען ער וואָלט נאָך איינגעזויגן אין זיך די קולטור, די הומאַניטאַרע וויסנשאַפטן! „איר —

'אָגט ער – האָט נאָך אין דער האַנט די טויז־טראַמפּף – אייער טיטול „גראַף״. (לאַכט). איר קענט נאָך קריגן אַ גרויסן נדן מיט אַ שיין מיידל צולאָג״...

(אַנאַ פּיעטראָוונאַ עפנט־אויף דאָס פענסטער און קוקט־אַרויס).

## שאַבעלסקי.

„איר ווילט – זאָגט ער־וועל איך אייך שדכנ׳ען מאַרפושאַן!״ קעסקעסע מאַרפושאַ? אַך, דאָס איז דאָך די באַלאַבאַלקינאַ... באַבאַקאַלקינאַ... די, וואָס איז ענליך צו אַ וועשין.

## אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

דאָס זענט איר, גראַף?

## שאַבעלסקי.

וואָס איז? (אַננאַ פּיעטראָוונאַ לאַכט; שאַבעלסקי רעדט צו איר, קאָפּירנדיק אַ יודישן אַקצענט). זאַטשיוואָ ווי שמיעיאָטיעס?

## אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

איך וויל זיך דערמאַנען אייערס אַ פראַזע. איר געדענקט? איר האָט ביים מיטאָג עפּעס דערציילט וועגן אַ פערד און אַ גנב.

## שאַבעלסקי.

איך האָב געמאַכט אַ פערגלייך צווישן אַ געטויפטן זשיד, אַ געהאָנגענעם גנב און אַ קרעציק פערד.

## אַננאַ פּיעטראָוונאַ

(לאַכט).

אַפילו אַ געוויינליכער ווערטער־שפּיל קומט ביי אייך אַרויס מיט רשעות. איר זענט אַ רשע (ערנסט): אָן שפּאַס, גראַף, זענט איר זייער אַ שלעכטער מענש. מיט אייך צו לעבן איז לאַנג־ווייליק און לעסטיק. שטענדיק וואַרפט איר זיך און זידלט, אַלע זענען ביי אייך אויסוואורפן און טויגעניכטסן. זאָגט מיר, גראַף,



אָפּגעאַרציק: צי האָט איר שוין אַמאָל וועגן וועמען־עס־איז גע־זאָגט עפּעס אַ גוט וואָרט?

## שאַבעלסקי.

וואָס איז דאָס פאַר אַן עקזאַמען?

## אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

מיר וואוינען מיט אייך שוין פינף יאָר אונטער איין דאַך און איך האָב קיין איין מאָל נישט געהערט, אַז איר זאָלט אַמאָל רעדן וועגן מענשן רואיק, אָן גאַל און אָן שפּאָט. וואָס פאַר אַ שלעכטס האָבן אייך מענשן געטון? און צי מיינט איר ווירקליך, אַז איר זענט בעסער פון אַלע?

## שאַבעלסקי.

איך מיין עס גאָרנישט. איך בין פונקט אַזאַ אַבשייליכע בריאה און אַ חזיר אין אַ יאַרמעלקע, ווי אַלע אַנדערע. איך זידל זיך שטענדיק. ווער בין איך? וואָס בין איך? איך בין געווען רייך, פריי, אַביסל גליקליך און יעצט בין איך... אַ טע־לער־לעקער, אַ קבצן, אַ עהרעלאָזער ליץ... איך בין אומצופרידן, איך פעראַכט און אַלס ענטפער לאַכט מען מיך אויס... און ווען איך לאַך, שאָקלט מען איבער מיר טרויעריק מיטן קאָפּ און מען זאָגט: „אַן עבר ובטל, נעבעך״... און נאָך עפטער ווי אַלץ הערט מען מיך גאָרנישט און מען בעמערקט מיך גאָרנישט...

## אַננאַ פּיעטראָוונאַ

(בעאונרואיקט).

ס׳הערט זיך שוין ווידער דאָס יעמערליכע פויגל־געזאַנג.

## שאַבעלסקי.

וואָס פאַר אַ פויגל־געזאַנג?

## אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

יעדן אָוונט הער איך זיי, דיזעלבע ווילד־יעמערליכע

טענער און זיי וואַרפן אויף מיר אַזאַ פחד... אַזאַ שוידער... איך האָב דעם איינדרוק, אַז זיי זאָגן־פּאָר עפּעס אַ פינסטער געוויטער, אַז זיי זענען אַ מין איינלייטונגס־מאַרש, אַ אובער־טיורע, פונם אָנקומענדן גיהנום־שטורם...

## שאַבעלסקי.

לאָז שוין זיין, וואָס עס וויל. ערגער, ווי ס׳איז, קאָן שוין נישט זיין (ציט זיך אויס). אַך, ליבסטע שרה! ווען איך וואָלט געווינען די צוויי מאָל הונדערט טויזנט, וואָלט איר מיך שוין דאָ נישט אָנגעקוקט. איך וואָלט אַוועקגעאַנגען פונם דאָזיקן קבר, פונם געשענקטן ברויט, און מיין פוס וואָלט שוין מער אַהער נישט געקומען ביזן שרעקליכן געריכט.

## אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

און וואָס וואָלט איר געטון, ווען איר וואָלט געווינען?

## שאַבעלסקי

(זיך פערקלערנדיק).

פריער פון אַלץ וואָלט איך אוועקגעפאָרן קיין מאָסקווע זען די ציגיינער־טרופּע. דערנאָך... דערנאָך וואָלט איך אַוועק־געפלויגן קיין פּאַריז און גאַנצע טעג וואָלט איך דאָרט געזעסן איבער מיין פרויס קבר... מיין פרוי איז אין פּאַריז בע־גראָבן געוואָרן...

(פויזע).

## אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

ס׳איז שרעקליך לאַנגווייליק. זאָלן מיר אפשר שפּילן נאָך אַ דועט?

## שאַבעלסקי.

גוט, גרייט־צו די נאָטן.

(אַננאַ פּיעטראָוונאַ אָפּ).



## איוואַנאָוו

(בעווייזט זיך אין די אַלעיען מיט לוואָון)

איר, ליבער פריינט, האָט געענדיקט דעם קורס ערשט פאָריגעס יאָר, איר זענט נאָך יונג און מוטיק, און איך בין שוין אַלט 35 יאָר. איך האָב דאָס רעכט אייך צו געבן עצות. און איך ראַט אייך, אַז איר זאָלט זיך קיינמאָל נישט פערליבן אין קיין יידישע פרויען, אין קיין פסיכאָפּאַטקעס, אין קיין בלאָהע זאַקן, נאָר קלויבט אייך אויס עפּעס סאָלידעס, עפּעס שטילעס, אָן שרייענדיקע פאַרבן, אָן רוישענדיקע קלאַנגען. בכלל זאָלט איר אייער גאַנץ לעבן בויען לויטן שאַבלאָן. וואָס דער פאָן איז גראָהער און איינטעניקער אַלץ בעסער. איינער אַליין פירט נישט קיין מלחמה מיט קיין טויזנטער, קעמפט נישט מיט קיין ווינד־מילן און שלאָגט אייך נישט מיטן קאָפּ אָן דער וואַנט... אַך, ווי מיד האָט מיך מיין שטורמיש לעבן געמאַכט, ווי פערמאַטערט!... וויפיל פעלערן, וויפיל אונגערעכטיקייט, וויפיל אומגעלומפּערטקייט!...(דערזעענדיק דעם גראַף, אויפגערעגט). שטענ־דיק ביסט דו דאָ, וואו מען דאַרף דיך נישט. צוליב דיר קען מען זיך קיינמאָל נישט דורכרעדן אויג אויף אויג.

## שאַבעלסקי

(מיט אַ וויינענדיקער שטימע).

אַז דער טייוול זאָל מיך כאַפּן, אין ערגעץ האָב איך קיין רו נישט!

(שפּרינגט־אויף און גייט אין הויז).

## איוואַנאָוו

(שרייט אים נאָך).

נו, ענטשולדיק, ענטשולדיק! (צו לוואָו׳ן). פאַרוואָס האָב איך אים בעליידיקט? ניין, איך בין אינגאַנצן אַ צושרויפטער; איך בין עפּעס גאָר אַרויס פון די כלים. מען דאַרף מיט זיך עפּעס מאַכן...

## לוואָוו

(אויפגערעגט).

ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש, איך האָב אייך אויסגעהערט און... ענטשולדיקט, איך וועל מיט אייך רעדן גלייך, אָן קונצן. אין אייער שטימע, אין אייער אינטאָנאַציע, שוין נישט רעדנדיק וועגן די ווערטער, הערט זיך אַזאַ נשמה-לאָזער עגאָאיזם, אַזאַ קאַלטע האַרצלאָזיקייט... אייער נאָנטסטער מענש גייט-אויס דאַדורך, וואָס ער איז אייך נאָנט; זיינע טעג זענען געציילט און איר... איר שפּאַצירט זיך אַזוי בנעימות, איר פילאָזאָפירט און גיט עצות... איך קען עס אייך נישט אויסדריקן, — איך האָב נישט קיין רעדנער-טאַלענט, — נאָר... איר זענט מיר טיף נישט סימפּאַטיש!...

## איוואַנאָוו.

ס׳קען זיין, ס׳קען זיין... פון דער זייט זעט איר בעסער... אַ פּנים, אַז איך בין זייער זינדיק... (הערט זיך איין). דאַכט זיך, אַז מען שפּאַנט-איין די פערד. כ׳גיי זיך אָנטון... (גייט צום הויז און שטעלט זיך אָפּ). איר, דאָקטאָר, האָט מיך נישט ליב און איר בעהאַלט דאָס נישט. דאָס גיט אייך צו פיל עהרע...

(פערשווינדט אין הויז).

## לוואָוו

(אליין).

אַ פערשאָלטענער כאַראַקטער... ווידער האָב איך דורכגעלאָזט די געלעגנהייט און נישט גערעדט מיט אים ווי מען דאַרף... איך קען מיט אים קאַלטבלוטיק נישט רעדן! איך האָב פיינט דעם דאָזיקן טייוול מיט מיין גאַנצער נשמה... אָט פאָרט ער זיך שוין אַוועק... ביי דער אומגליקליכער פרוי איז דאָס גאַנצע גליק אין דעם, אַז ער זאָל זיין לעבן איר: זי עטהעמט מיט אים, זי גאַרט, ער זאָל פערברענגען מיט איר כאָטש איין אָוונט, און ער... ער קען נישט... פאַר אים איז זיין שטוב ענג



און שטיקענד. ווען ער זאָל נאָר איין אָוונט פערברענגען אין דער היים וואָלט ער זיך אויס לאַנגווייליקייט דערשאָסן. אים איז נויטיק פרייער רוים, אום צו קענען פערוויקלען עפּעס אַ נייע געמיינהייט... אָ, איך ווייס, פאַרוואָס דו פאָרסט יעדן אָוונט צו די דאָזיקע לעבעדיעוו׳ס! איך ווייס!

## שאַבעלסקי

(אַרויסקומענדיק מיט איוואַנאָוו׳ן און מיט אַננאַ פּיעטראָוונאַ׳ן פון הויז).

ניקאָלאַי, דאָס איז דאָך אונמעגליך!... דו פאָרסט דיר אַוועק יעדן אָוונט און אונז לאָזסטו איבער אַליין. פון לאַנגווייליקייט לייגן מיר זיך שלאָפן אַכט אַ זייגער. דאָס איז דאָך קיין לעבן נישט. און פאַרוואָס מעגסטו יאָ פאָרן און מיר טאָרן נישט? פאַרוואָס?

## אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

גראַף, לאָזט אים אָפּ! זאָל ער פאָרן, זאָל ער!

## איוואַנאָוו

(צום ווייב)

נו, וואָוחין וועסטו, קראַנקערהייט, פאָרן? דו ביסט קראַנק און אַזוי ווי די זון פערגייט טאָרסטו שוין נישט זיין אויף דער לופט... אדרבא, פרעג דעם דאָקטאָר. דו ביסט נישט קיין קינד, אַניוטאַ, און דאַרפסט פערשטיין... (צום גראַף). און צו וואָס דאַרפסטו ווידער אַהין פאָרן?

## שאַבעלסקי.

כ׳וואָלט געפאָרן אַפילו צום טייוול אין גיהנום אַריין, אַפילו צו אַ קראָקאָדיל צווישן די ציין, אַבי דאָ נישט צו פערבלייבן. מיר איז לאַנגווייליק! איך בין פערטעמפּט געוואָרן פון אומעט!... איך בין אַלעמען שוין צוגעגעסן. דו לאָזסט מיך איבער אין דער חיים, אַז זי זאָל זיך נישט לאַנגווייליקן און איך האָב זי שוין צוביסן מיט מיינע ציין.

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

לאָזט אים אָפּ, גראַף, לאָזט אים אָפּ! זאָל ער פאָרן, אויב אים איז דאָרט פרייליך.

### איוואַנאָוו.

אַניאַ, צו וואָס אַזאַ טאָן! דו ווייסט, איך פאָר נישט אַהין צוליב פרייליכקייט! איך דאַרף איבעררעדן וועגן דעם וועקסל.

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

איך פערשטיי נישט, פאַרוואָס דו פערטיידיקסט זיך? פאָר! ווער האַלט דיך צו?

### איוואַנאָוו.

מיינע הערצן, לאָמיר אויפהערן צו בייסן מיט די ציין איינער דעם צווייטן! צי איז דאָס דען אונפערמיידליך?

### שאַבעלסקי

(מיט אַ וויינענדיקער שטימע).

ניקאָלאַי, טייבעלע מיינס, איך בעט דיך, נעם מיך מיט זיך! איך וועל דאָרט אָבסערווירן אַביסל שווינדלער און נאַראָנים און ס'קען זיין, אַז כ'וועל זיך אַביסל צושטרייען. איך בין דאָך פון פאַסחאַ אָן אין ערגעץ נישט געוועזן!

### איוואַנאָוו

(צורייצט).

גוט, מיר פאָרן! ווי צוגעגעסן איר זענט מיר אַלע געוואָרן!

### שאַבעלסקי.

יאָ? מערסי, מערסי... (ער נעמט אים פרייליך אונטער דער האַנט און פירט אים אָפּ אין דער זייט). דיין שטרויענעם הוט קען מען אָנטון?



### איוואַנאָוו.

מען קען. אָבער שנעל! (דער גראַף לויפט אין הויז אַריין). ווי צוגעגעסן איר זענט מיר אַלע געוואָרן!... אָך, גאָט, וואָס רעד איך? אַניאַ, איך רעד מיט דיר אין אַ אונמעגליכן טאָן! קיינמאָל איז דאָס ביי מיר פריער נישט געוועזן. נו, זיי געזונט, אַניאַ! איך וועל צוריקקומען אַרום איינס ביינאַכט.

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

קאָליאַ, טייערער קאָליאַ, בלייב אין דער היים!

### איוואַנאָוו

(אויפגערעגט).

אומגליקליך טייבעלע מיינס, טייערע אַניאַ! איך בעט דיך, שטער מיר נישט אין די אָוונטן אַוועקצופאָרן פון דער היים. דאָס איז גרויזאַם, אונגערעכט פון מיין זייט, נאָר ערלויב מיר צו בעגיין די דאָזיקע אונגערעכטיקייט! אין דער היים איז מיר פיינליך-שווער! אַזוי ווי ס'בעהאַלט זיך די זון הויבט מיין נשמה אָן צו דריקן אַ מרה-שחורה, וואָס פייניקט מיך ביז וואַהנזיניגקייט! פרעג נישט מיט וואָס דאָס ערקלערט זיך. איך ווייס עס אַליין נישט. איך שווער, אַז איך ווייס נישט! פון דאַנען יאָגט מיך אַרויס די מעלאַנכאָליע, און קום איך אַהין צו די לעבעדיעוו'ס איז נאָך ערגער, קום איך צוריק, פייניקט מיך ווידער די מעלאַנכאָליע און אַזוי איז אַ גאַנצע נאַכט... אָ, פערצווייפלונג!

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

קאָליאַ... און אפשר וואָלסטו דאָך געבליבן! מיר וועלן, אַזוי ווי דעמאָלט, שטיל און האַרציק פּליסטרן... מיר וועלן צוזאַמען עסן אָוונט-ברויט. דערנאָך וועלן מיר לעזן... איך און דער גראַף האָבן זיך אויסגעלערנט אַ סך סעריע וואונדערליך-זיסע דועטן... (נעמט אים אַרום). איך בעט דיך, בלייב!... (פויזע). איך פערשטיי דיך נישט, קאָליאַ! (צאַרט). אַ גאַנץ יאָר ציט עס זיך

שוין. פאַרוואָס ביזטו אַזוי אַנדערש צו מיר געוואָרן?

### איוואַנאָוו.

איך ווייס נישט, איך ווייס נישט...

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

און פאַרוואָס ווילסטו נישט, אַז איך זאָל צוזאַמען מיט דיר אַוועקפאָרן אין די אָוועגטן?

### איוואַנאָוו.

אויב דו ווילסט דווקא, וועל איך דיר זאָגן. ס'איז גרויזאַם וועגן דעם צו רעדן, אָבער דאָך וועל איך עס דיר זאָגן... ווען עס פייניקט מיך די מעלאַנכאָליע הויב איך דיך אָן נישט צו ליבן... פון דיר טאַקי אַנטלויף איך אין דער דאָזיקער צייט... איך מוז אַנטלויפן פון דער היים...

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

מעלאַנכאָליע? דאָס פאַרשטיי איך... אָבער ווייסטו וואָס, קאָליאַ? פּרוב אַזוי ווי פריער צו זינגען, צו לאַכן, ביין צו ווערן אַפילו, נאָר בלייב אין דער היים. מיר וועלן לאַכן, שטיפן און דיין מרה-שחורה וועט צעשווימען אין איין מינוט. דו ווילסט? וועל איך זינגען אָדער מיר וועלן זיך אַוועקזעצן ביי דיר אין קאַבינעט אין דער פינסטער און דו וועסט דיכטן וועגן דיין בענקשאַפט... דו האָסט אַזעלכע מערטירערישע אויגן! איך וועל טיף אַריינקוקן אין זיי און וועל וויינען און אונז ביידע וועט ווערן אַזוי לייכט אויף דער נשמה... (לאַכט און וויינט). פאַרוואָס, קאָליאַ, איז עס אַזוי? די בלומען בליען יעדן פרילינג ווידער און אַז אַ פרייד ווערט איין מאָל פערוועלקט איז שוין ביי איר קיינמאָל נישטאָ קיין ווידערגע-בורט?... האַ, פאַרוואָס? (שוייזע. איוואַנאָוו רייסט זיך פון אירע אָרעמס). אַלזאָ, דו ווילסט דווקא פאָרן?...



### איוואַנאָוו.

בעט פאַר מיר גאָט, אַניאַ! (גייט, שטעלט זיך אָפּ און קלערט). ביין, איך קען נישט!

(פערלאָזט ראַש די סצענע).

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

פאָר...

(זעצט זיך בייס טיש).

### לוואָוו

(גייט איבער דער סצענע).

אַננאַ פּיעטראָוונאַ, נעמט אייך פאַר אַ כּלל: אַזוי ווי דער זייגער שלאָגט זעקס דאַרפט איר אַריינגיין אין שטוב און מער נישט אַרויסגיין ביז אין דערפרי. די אָוונט-פייכטקייט איז פאַר אייך געפערליך.

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

איך הער.

### לוואָוו.

וואָס הייסט: „איך הער"? איך רעד ערנסט.

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

און איך וויל ערנסט נישט זיין.

(זי הוסט).

### לוואָוו.

אָט זעט איר — איר הוסט שוין...

### שאַבעלסקי

(קומט ארויס פון הויז אין הוט און פאַלטאָ).

און וואו איז ניקאָלאַי? די פערד זענען שוין גרייט?

(גייט שנעל און קושט די האַנט ביי אננאַ פּיעטראָוונאַ). אַ רואיקע נאַכט, פּרעכטיק פייגעלע. (מאַכט אַ גרימאַסע פון אַ ייד). געוואַלט! זשוויניטיע פּיזשאַילעסטע!

(גייט האַסטיק אַוועק).

### לוואָוו.

אַ פּאַ־אַץ!

(פּויזע. מען הערט הייטע קלאַנגען פון אַ האַרמאָניקע).

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

ווי אומעטיק!... די קוטשערס און דינסטן מאַכן זיך דאָרט אַ באַל, ער איז זיך געגאַנגען ווײַלן און איך איינע בין געבליבן, ווי אַן איבריקע אויף גאָטס ערד, ווי אַ פּערשטויסענע פון ביידע וועלטן, ווי אַ וואַנדערנדיקער שאָטן, וואָס קען קיין רו נישט געפינען... ווי אַן אַרויסגעשפּיגענע... (פּויזע). יעווגעני קאָנסטאַנטינאָוויטש, וואו שפּרייזט איר דאָרט? קומט אַהער, זעצט אייך!...

### לוואָוו.

איך קען נישט זיצן.

(פּויזע).

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

אין דער קיך שפּילט מען „טשיזשיק". (זינגט):

„טשיזשיק, טשיזשיק, גדיע טי ביל?
פּאָד גאָראָיו וואָדקו פּיל".

(פּויזע). דאָקטאָר, איר האָט אַ טאַטן און אַ מאַמען?

### לוואָוו.

דער טאַטע איז געשטאָרבן און אַ מאַמע'ן האָב איך.

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

איר בענקט נאָך אייער מוטער?



### לוואָוו.

איך האָב נישט קיין צייט צו בענקן.

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

„די בלומען בליהען־ווידער יעדן פרילינג און די פריידן שטאַרבן־אָפּ אָן ווידערגעבורט". ווער האָט מיר געזאָגט די דאָזיקע פראַזע? דאַכט זיך, אַז ניקאָלאַי אַליין האָט עס געזאָגט... (הערט זיך איין). שוין ווידער דאָס ווײַנענדיקע פויגל־געזאַנג!

### לוואָוו.

איך הער גאָרנישט. עס דאַכט זיך אייך...

(פּויזע).

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

איך, דאָקטאָר, הייב־אָן צו קלערן, אַז דאָס מזל האָט אָן מיר פאַרגעסן. פיל מענטשן, וואָס זענען אפשר נישט בעסער פון מיר, זענען גליקלעך און צאָלן גאָרנישט פאַר זייער גליק. איך האָב פאַר אַלץ געצאָלט, אַבסאָלוט פאַר אַלץ!... און ווי טייער! פאַרוואָס זאָל מען נעמען ביי מיר אַזאַ שטייער פון בלוט און האַרץ, אַזעלכע ווייטאָק־פולע פּראָצענטער!?.. טייערער מיינער, איר זענט אַלע פאָרזיכטיק מיט מיר, איר ציילט איידל די ווערטער און האָט מיר מורא צו זאָגן דעם גרויזאַמען אמת, אָבער איר מיינט, אַז איך ווייס נישט וואָס פאַר אַ קראַנקהייט איך האָב? איך ווייס עס אויסגעצייכנט... איבעריגענס, ס'איז לאַנגווייליק וועגן דעם צו רעדן... (מיט אַ יידישן אַקצענט). זשוויניטיע פּיזשיילעסטע, ווי דער גראַף זאָגט... איר קענט דערציילן אַנעקדאָטן?

### לוואָוו.

איך קען נישט.

## אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

און ניקאָלאַי קען. (נאָך אַ פּויזע). און איך הייב אויך אָן צו שטוינען איבער דער אונגערעכטקייט פון די מענטשן: פאַר־וואָס ענטפערט מען נישט מיט קיין ליבע אויף ליבע און פאַר אמת פאַרוואָס צאָלט מען מיט שקר? זאָגט, ביז ווי לאַנג וועלן מיך האַסן מיינע טאַטע־מאַמע? מיינע עלטערן וואוינען 50 וויאָרסט פון דאַנען און טאָג־און־נאַכט, אַפילו אין שלאָף, פיל איך זייער גרענעצלאָזע ליבע און גלייכצייטיק זייער צאָרן און שנאה. אין שלאָף דאַכט זיך מיר אָפט, ווי עפּעס בייזע גייסטער וואָלטן געוואָלט מיך בעפאַלן. דאַן בעווייזט זיך פלוצלונג מיין גוטע מאַמע, וועלכע פערשפּרייט איבער מיר אַ פּאָר צאַרטע מלאכים־פליגל און בעשיצט מיך אָפּפערוויליק פון אַלעם בייזן... אָבער פון אירע מוטערליך־גוטע אויגן פליסן טרערן פון צער, פון בלוטיקער בעליידיגונג, ווי זי וואָלט מיר פאָרגעוואָרפן, פאַרוואָס איך האָב זי אַזוי ווילד בעשפּיגן (מיט שרעק) און אויף אירע ליפּן ציטערט אַ קללה... (פּויזע). און ווי זאָל איך פערשטיין ני־קאָלאַי'ס מרה־שחורה? ער זאָגט, אַז ער ליבט מיך נישט נאָר אין די אָוונטן, ווען אים דערדריקט די מרה־שחורה. דאָס וואָלט איך נאָך געקאָנט פערשטיין. אין דער ווירקליכקייט האָט ער מיך שוין אָבער אינגאַנצן אויפגעהערט צו ליבן... (ציטערט־אויף). אַך, וואָס פאַר אַ פינסטערע געדאַנקען!... איר זענט נישט קיין פאַמיליען־מענטש, דאָקטאָר, און קענט אַ סך זאַכן נישט פערשטיין...

## לוואָוו

(זעצט זיך לעבן איר).

ס'איז אונמעגליך אייך צו בעגרייפן, אַננאַ פּיעטראָוונאַ. ערקלערט מיר, כ'בעט אייך, ווי אַזוי האָט איר, — אַ קלוג, ערליך און כמעט הייליק מיידל, — ערלויבט פון זיך אַזוי גאַסן־אַרטיק אָפּצושפּאָטן און ווי אַזוי האָט איר דערלאָזט זיך אַריינ־שלעפּן אין דער דאָזיקער חזירים־נעסט? ווי קומט איר אַהער?... וואָס האָט איר געמיינזאַמעס מיט דער דאָזיקער קאַלטער, נשמה־



לאָזער, רויער און באַנאַלער סביבה?... אָ, גאָט מיינער!... דער דאָזיקער אייביק־שפּייענדיקער, פערזשאַווערט־גרילצנדיקער, משוגענער גראַף; דער דאָזיקער פּגר, דער שווינדלער, איבער אַלע שווינדלערס, דער מישאַ, מיט זיין אַבשייליכן פּרצוף... ערקלערט מיר, ווי אַזוי לעבט איר מיט אַזעלכע נפשות?... ווי אַזוי זענט איר אַריינגעפאַלן אין אַזאַ שמוציקע זומפּ?...

## אַננאַ פּיעטראָוונאַ

(לאַכט).

איר האָט אָנגעהויבן צו רעדן מיט אַזאַ ברען, פּונקט ווי ער אַמאָל... נאָר ביי אים זענען די אויגן גרעסער, און פלעגט ער אַמאָל אָנהייבן צו רעדן וועגן עפּעס אַ זאַך מיט ענטוזיאַזם, פלעגן זיי זיך אָנצינדן און אָנהייבן צו פלאַקערן, ווי די גלי־הענדיקע קוילן... רעדט, רעדט, דאָקטאָר!...

## לוואָוו

(שטייט־אויף און מאַכט אַ יאוש־זשעסט מיט דער האַנט).

וואָס האָב איך צו רעדן? גייט־אַריין אין שטוב אַריין!...

## אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

איר האָט וועגן ניקאָלאַי'ען זייער אַ שלעכטע מיינונג. וואו האָט איר זי גענומען? צי אין אַ האַלב יאָר קען מען דען דערקענען אַ מענטש? דאָס איז, דאָקטאָר, אַן אָריגינעלע פּער־זענליכקייט, און איך בעדויער, וואָס איר האָט אים נישט גע־קענט מיט אַ 3 — 2 יאָר צוריק. יעצט איז ער פער'מרה־שחורה'ט און שווייגנדיק, אָבער פריער... וואָס פאַר אַ הערליכער טיפּ איז דאָס געווען!... איך האָב זיך אין אים פערליבט פונם ערשטן בליק אָן (לאַכט). איין בליק געוואָרפן — און איך בין שוין געווען געפאַנגען אין דער שטייג!... ער האָט געזאָגט: לאָמיר גיין... און איך האָב אָפּגעשניטן פון זיך אַלץ, ווי מען שניידט־אָפּ פוילענדע בלעטער מיט אַ שער, און כ'בין געגאַנגען... (פּויזע). און

יעצט איז שוין נישט דאָס... יעצט פאָרט ער צו די לעבעדיעוו'ס, כדי צו פערברענגען מיט אַנדערע פרויען און איך... איך זיץ אין סאָד און הער, ווי די סאָווע שרייט... (דער סטרויש קלאַפּט). דאָקטאָר, און קיין ברידער האָט איר נישט?

לוואָוו.

ניין. (אננאַ פּיעטראָווגאַ צעוויינט זיך, העשנדיק שטאַרק). נו, וואָס איז דאָס ווייטער? וואָס איז אייך?

אננאַ פּיעטראָווגאַ

(שטייט־אויף)

איך קען נישט, דאָקטאָר, איך קען דאָ נישט בלייבן, — — איך פאָר אַהין...

לוואָוו.

וואוהין דאָס?

אננאַ פּיעטראָווגאַ.

אַהין, וואו ער איז... איך פאָר... הייסט איינשפּאַנען די פערד.

(לויפט ראַש אין הויז אַריין; ד"ר לוואָוו בלייבט שטיין אין מיטן דער סצענע אין אַ אומבעהעגליכער פּאָזע, שטאַרק איבעראַשט).

פאָרהאַנג פאַלט.



# צווייטער אַקט

אַ זאַל אין לעבעדיעוו'ס וואוינונג. אין הינטערגרונט — אַן אויסגאַנג אין סאַד אריין; רעכטס און לינקס — טירן. אַלטערטימליך טייער מעבל, שפּיגלען, קאַנדעליאַברעס, סטאַטועז און קונסט־בילדער.

זינאַאידאַ סאַוויטשנאַ זיצט אויף אַ קאַנאַפּע; ארום איר פון ביידע זייטן זיצן אַלטע פרויען; אויף די שטולן זיצן יונגע־לייט. אין הינטערגרונט, לעבן די טירן, וואָס פירן אין סאַד אריין, שפּילט מען אין קאָרטן. צווישן די שפּילער געפינט זיך קאָסיך און אַוודאָטיאַ נאַזאַראָוונאַ. גאַווריל אַ, אין אַ פּייערליכער לאַקײ־קליידונג, שטייט ביי דער רעכטער טיר; די דינסט טראָגט־פונאַנדער אויף אַ טאַץ פארשידענע דעליקאַטעסן. אין משך פונם גאַנצן אַקט צירקולירן געסט פונם סאַד אין דער רעכטער טיר און פארקערט. באַבאַקינאַ גייט־אַרויס פון דער רעכטער טיר און גייט צו זינאַאידאַ סאַווישנאַ.

---

## זינאַאידאַ סאַווישנאַ

(דערפרייט).

נשמה'לע מיינס, מאַרפאַ יעגאָראָוונאַ...

## באַבאַקינאַ.

זדראַוססטוואויטיע, זינאַאידאַ סאַווישנאַ! איך האָב די עהרע אייך צו בעגריסן מיטן געבורטס־טאָג... (זיי קושן זיך): זאָל גאָט געבן, אַז...

**זינאַאידאַ סאַווישנאַ.**

איך דאַנק אייך, כ'בין אַזוי גליקליך... נו, וואָס מאַכט איר אין געזונט?

**באַבאַקינאַ.**

איך דאַנק אייך זייער.

(זעצט זיך אין איין רײ אויף דער קאַנאַפּע. גאַווריל\אַ טראָגט־צו פאַר באַבאַקינאַ טיי)

**זינאַאידאַ סאַווישנאַ**

(צו גאַווריל\אַ'ן).

וואָס זשע גיסטו גלאַט טיי? וואָלסט געבּרענגט אַביסל איינגעמאַכטס, צי וואָס?... נישט אַזוי...

**באַבאַקינאַ.**

ס'מאַכט נישט אויס... כ'דאַנק אייך זייער.

(פּויזע. פון די קאָרטן־טישלעך דערהערט מען שטימען):

**קאָסיך.**

פּיק.

**יעגאָרושקאַ.**

איך פּאַס.

**אַוודאָטיאַ נאַזאַראָוונאַ.**

איך פּאַס.

**ערשטער גאַסט.**

איך פּאַס.

**באַבאַקינאַ.**

איר האָט געהערט, זינאַאידאַ סאַווישנאַ? די פּרעמיעס



זענען שוין ווידער געגעבן אַ שפּרונג אַרויף אין דער הויך. די ערשטע אַנלייהע שטייט שוין 270 און די צווייטע – כמעט 250... קיינמאָל איז נאָך דאָס נישט געווען...

**זינאַאידאַ סאַווישנאַ**

(זיפצט).

ס'איז גוט פאַר דעם, ווער ס'האָט זיי אַ סך...

**באַבאַקינאַ.**

זאָגט עס נישט, מיין טייערע. חאָטש די פּראָצענט-פּאַפּירן האָבן אַזאַ גרויסן ווערט בעקומען איז דאָך נישט בעקוועם צו האַלטן אין זיי דעם קאַפּיטאַל. האָסטו באַרעס געלט קענסטו האַנדלען, קענסטו עפּעס אויפטון... און אַזוי וואָס?... טויטע פּאַפּירן!...

**זינאַאידאַ סאַווישנאַ.**

דאָס איז אַפילו אמת, אָבער דאָך, מיין טייערע, האָסטו אַ פּרעמיע האָסטו אַ האָפנונג... (זיפצט). גאָט איז דערבאַרעמדיק...

**צווייטער גאַסט.**

לויט מיין מיינונג, מיינע דאַמען, געפין איך, אַז אין דער היינטיקער צייט צו האָבן קאַפּיטאַל איז זייער נישט בעקוועם. פּראָצענט-פּאַפּירן געבן זייער ווייניק דיווידענד און לאָזן דאָס געלט אין אומזאַץ איז זייער געפערליך. איך געפין, מיינע דאַמען, אַז אַ מענטש, וועלכער האָט אין דער היינטיקער צייט באַרעס געלט, געפינט זיך אין זייער אַ קריטישער לאַגע און אים איז נאָך ערגער פון דעם, וועלכער געפינט זיך...

(פלאָנטערט זיך און ווייסט נישט ווי צו ענדיקן).

**באַבאַקינאַ**

(זיפצט).

דאָס איז אמת!

(ערשטער גאַסט גיט זיך בנעימות אַ הויכן געניץ מיט אַ קוויטש).

באבאקינא.

פ , דאָס איז זייער נישט העפליך. ווי קען מען זיך ...רליבן אין דער אַנוועזנהייט פון דאַמען צו געניצן?

ערשטער גאַסט.

פאַרדאָן, מיינע דאַמען, דאָס האָט זיך מיר נישט־ווילנדיק אַרויסגעגליטשט אַ געניצל פון מויל.

(זינאַאידאַ סאַווישנאַ שטייט־אויף און גייט־אַוועק אין דער רעכטער טיר).

יעגאַרושקאַ.

שעל.

אַוודאָטיאַ נאַזאַראָווגאַ.

איך פאַש.

צווייטער גאַסט.

איך פאַש.

קאָסיך.

איך פאַש.

באבאקינאַ

(אין דער זייט).

אָט מיינער, מען קען דאָך שטאַרבן פון לאַנגווייליקייט.

זינאַאידאַ סאַווישנאַ

(אַרויסקומענדיק פון דער רעכטער טיר מיט לעבעדיעוו'ן, שטיל).

וואָס האָסט דו דין דאָרטן בעזעצט? פרימאַדאָנאַ מיינע! מיט די געסט זיץ!

(זעצט זיך אויפן פריערדיקן אָרט).



לעבעדיעוו

(געניצט).

אוי, מיינע שווערע זינד! (דערזעענדיק באַבאַקינאַ, גייט צו איר שנעל און בעגריסט זיך). וואָס מאַכט איר, מאַרמעלאַדקע?

באבאקינאַ.

אַזוי... וואָס זאָל מען מאַכן?... גאָט צו דאַנקען!...

לעבעדיעוו.

אויב גאָט צו דאַנקען איז דאָך אַוודאי גוט (זעצט זיך אויף אַ שטול). אַזוי... אַזוי, תייסט עס... (רופט). גאַווריל אַ!

(גאַווריל אַ טראָגט אים צו אַ קעלישעקל בראָנפן און אַ גלאָז וואַסער; לעבעדיעוו טרינקט־אויס דעם בראָנפן און טרינקט נאָך וואַסער).

קאָסיך

(היינענדיק).

נו זאָגט מיר, אדרבא, פאַרוואָס זענען מיר געבליבן אָן אַ לעז? (שפרינגט־אויף). נו, פאַרוואָס האָבן מיר פערשפילט, אַז דער טייוול זאָל מיך אַרומכאַפן אַרום און אַרום?

אַוודאָטיאַ נאַזאַראָווגאַ

(שפרינגט־אויף און שרייט בייז).

מיר האָבן פערשפילט דערפאַר, וואָס אויב איינער איז אַ בהמה און קען נישט שפילן, טאָ זאָל ער נישט שפילן. וואָס־ביזט דו עפעס פערקראָכן אין אַ פרעמדע קאָליר? ביזט דו געבליבן מיט אַן איינמאַרינירטע טויז!...

(ביידע לויפן־אַפער פון די קאָרטן־טישלעך און בלייבן שטיין אין דערמיט סצענע).

קאָסיך

(מיט אַ חיינענדיקער שטימע, האַלט זיך מיט צוויי פינגער ביי די שלייפן און לי.. צורודערט איבער דער סצענע).

...איז דאָך משוגע צו ווערן! מען קען דאָך פון זינען

אַראָפּ! (רעדט געשווינד, אַלע חיילע אָפּשטעלנדיק זיך אין מיטען דער סצענע). הערט נאָר אַ גאַנג! איך האָב אַ טויז שעל און אַ מלך שעל און אַ דאַמע שעל און אַ מלכּה שעל און אַ טויז פּיק און אַ קליין שטיקל — אַ פּיצעלע — רויט... האָט די אַלטע מכשפה מיר נישט געקענט אונטערשפּילן אַ קליין שטיקל גרין... ס'איז געווען איר רוף...

## אודאָטיאַ נאַזאַראָוונאַ

(שלאָגט אים איבער).

ניין, זיין רוף איז געווען.

## קאָסיך

(הערט איר נישט און לויפט איבער דער סצענע).

ס'איז דאָך געוואַלד צו שרייען... ס'איז דאָך שרעקליך... מען קען דאָך די פּלאַץ קריגן... איך האָב... זי האָט... באַלד.. איך האָב... (צו לעבעדיעוו'ן). נו, אדרבא, זאָגט איר אַליין, פּאַוועל קיריליטש... זייט איר אונזער שופט... (לעבעדיעוו חיל נישט הערן און חיבט־אָן פון אים זיך דערווייטערן; קאָסיך לויפט אים נאָך און רעדט געשווינד) הערט נאָר אַ גאַנג: איך האָב אַ טויז און אַ מלך און אַ כּלה און אַ דאַמע פון שעל. און אַ קליין פּיצעלע רויט און חוץ דעם אַ טויז גרין...

## לעבעדיעוו

(פערשטאָפּט זיך די אויערן).

טו מיר אַ טובה און שווייג, נאָר שווייג... (זעענדיג, אַז קאָסי וויל נאָך עפּעס רעדן). געוואַלד, כ'גיי ברעכן...

## אודאָטיאַ נאַזאַראָוונאַ

(שרייט).

אַזאַ פערד דאָס איז! ס'קען נישט האַלטן קיין קאָרט אין דער האַנט און דאָס האָט נאָך פּריינטע וויעס!...



## קאָסיך

(אין גרויס גרימצאָרן).

איר הערט?... זאָל איך שטאַרבן, זאָל איך אַ מיתה משונה איינגעמען, זאָל איך קיינמאָל פון גיהנום נישט אַרויס, אויב איך וועל זיך נאָך איין מאָל אַוועקזעצן שפּילן מיטן דאָזיקן אַלטן... מיטן דאָזיקן... אַלטן (זוכט עפּעס אַ שטאַרק וואָרט)... מיטן דאָזיקן... לויתן...

(שפּייט־אויס און גייט שנעל אין סאָד. דער צווייטער גאַסט גייט אים נאָך. בייִם קאָרטן־טיש בלייבט נאָר יעגאָרושקאַ).

## אודאָטיאַ נאַזאַראָוונאַ.

אוף!... (פאָכעט זיך מיטן פעכער). היץ האָב איך אַזש געקריגן... אַ לויתן בין איך ביי אים... ביזט אַליין אַ לויתן!...

## באַבאַקינאַ.

פאַר איי, באָבעשי, פאַסט גאָרנישט, אַז איר זאָלט זיין אַזאַ בייזע...

## אודאָטיאַ נאַזאַראָוונאַ

(דערזעענדיק באַבאַקינאַ'ן, פּאַטשט מיט די הענט).

שיינדעלע מיינס, יפהפיה!... זי איז דאָ און איך האָב גאָרנישט געזען... טייבעלע (קושט איר אין אַקסל און זעצט זיך לעבן איר). לאָ'מיך דיך האַפּש גוט אָנקוקן, יפת-תואר מיינע! טפו, טפו (שפּייט אויס). קיין עין-הרע!

## לעבעדיעוו.

זע נאָר, ווי זי האָט זיך דאָס צוזינגען... זי וואָלט איר גלייכער אויסגעזוכט אַ חתן...

## אודאָטיאַ נאַזאַראָוונאַ.

און כ'וועל געפינען! אין גרוב אַריין וועל איך זיך פריער נישט לייגן, — כ'זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד, — ביז כ'וועל

איר און סאַניטשקאַ׳ן נישט חתונה-מאַכן!... (זיפצט). אָבער וואו נעמט מען היינט חתנים? דאָס איז די פראַגע! אַז די היינטיקע יינגע-לייט ווילן דאָך גאָרנישט חתונה האָבן...

## דריטער גאסט.

לויט מיין שטאַנדפונקט, מיינע דאַמען, קומט-אויס, אַז אויב די היינטיקע יינגע-לייט ווילן גלייכער פירן אַ בחוריש לעבן, איידער חתונה האָבן, זענען אין דעם שולדיק, אַזוי צו זאָגן, די סאָציאַלע בעדינגונגען...

## לעבעדיעוו.

נו, נו!... פילאָזאָפיר נישט, איך האָב עס נישט ליב!...

## סאשא

(קומט-אריין און גייט צום פאָטער).

אזאַ גרויסאַרטיק וועטער און איר אַלע זיצט דאָ אין דער שטיקעניש.

## זינאאידא סאווישנא.

דו זעסט נישט, אַז מאַרפאַ יעגאָראָוונאַ איז דאָ?

## סאשא.

ענטשולדיקט.

(גייט צו באַבאַקינאַ׳ן און בעגריסט זיך מיט איר).

## באבאקינא.

זי זאָל דאָס אַביסעלע קומען צו מיר צו פאָרן (קושט זיך). איך בעגריס...

## סאשא.

איך דאַנק.

(זעצט זיך צוזאַמען מיטן פאָטער).



## לעבעדי[illegible]וו.

יאָ, אַוודאָטיאַ נאַזאַראָוונאַ, אַ שווערע זאַך איז יעצט געוואָרן מיט חתנים. די היינטיקע יוגנט, — ס׳זאָל איר צו קיין גנאַי נישט זיין, — איז עפעס אַ פערזויערטע, אַ איבערגעקאָכטע... זי איז נישט צום טאַנצן, נישט צום רעדן און אַפילו אַ כוסה צו מאַכן טויג זי אויך נישט.

## אוודאָטיא נאזאראָוונא.

נו, צום טרינקען זענען זיי אַלע מייסטערס, געב זיי נאָר אַזוי פיל...

## לעבעדיעוו.

ס׳איז נישט קיין גרויסע קונץ צו טרינקען, — טרינקען קען דאָך אַ פערד אויך... ניין, דו טרינק מיט אַ סדר, מיט אַ סיסטעם — אָט וואָס! (פויזע). אַמאָליקע יונגע יאָרן! מען פלעגט זיך לערגען און טאַנצן און זינגען און מיט פריילייכ׳ס זיך ווייל׳ן ביזן אויפשיינען פונם מאָרגנשטערן, מיט איין וואָרט: מען האָט געלעבט!... און היינט וואָס? (מאַכט אַ זשעסט מיט דער האַנט). נעמט אַ יינגנמאַן איז ער נישט צו גאָט און נישט צום טייוול. אין דער גאַנצער געגנד איז דאָ נאָר איין יונגערמאַן, וואָס איז עפעס, איז ער שוין אָבער פערהייראַט...

## באבאקינא.

וועמען מיינט איר דאָס?

## לעבעדיעוו.

ניקאָלאַי איוואַנאָוו.

## באבאקינא.

יאָ, ער איז אַ פיינער יינגערמאַן (מאַכט אַ גרימאַסע), אָבער ער איז נעבעך אַן אומגליקליכער!...

## זינאַאידאַ סאַווישנאַ.

נאָך גליקליך זאָל ער זיין! (זיפצט), ווי ער האָט זיך נעבעך טועה געווען, דער אָרעמער! ער האָט חתונה געהאַט מיט זיין זשידאָווקע און האָט אויסגערעכנט, אַז אירע עלטערן וועלן איר געבן גאָלדענע בערג און אַרויסגעקומען איז פונקט פערקערט... פון דער מינוט, וואָס זי האָט געענדערט איר גלויבן, ווילן זי אירע עלטערן נישט קענען און האָבן זי פערשאָלטן... אַפילו אַ קאָפּיקע האָט ער פון זיי נישט בעקומען. יעצט האָט ער שוין חרטה, אָבער ס'איז שוין שפּעט...

## סאַשאַ.

מאַמאַ, דאָס איז נישט אמת.

## באַבאַקינאַ

(מיט היץ).

שוראָטשקאַ, וואָס הייסט ס'איז נישט אמת? ווי הייסט, אַלע ווייסן דאָך וועגן דעם... אויב ער האָט נישט געמיינט קיין געלט טאָ צו וועלכע טייוול האָט ער געדאַרפט אַ זשידאָווקע? פעלן דען רוסישע פרויען אויף דער וועלט? ער איז נעבעך פערפירט געוואָרן, יאָ, יאָ... (לעבהאַפט. צו אַלע). נו, דערפאַר האָט זי שוין פון אים קאַלטס און וואַרעמס! ס'איז גלאַט צו לאַכן. קומט ער פון ערגעץ-וואו אַהיים גיט ער באַלד אַ פאַל אַרויף אויף איהר: „דיין טאַטע-מאַמע האָבן מיר אָנגעפייפט! פאַשלאַ וואָן פון מיין הויז!" און וואוהין האָט זי דען צו גיין? די עלטערן האָבן זי אַרויסגעטריבן ווי אַ הונט און ווילן איר צוריק נישט אַריינלאָזן; זי וואָלט געגאַנגען פאַר אַ דינסט, איז זי נישט געוואוינט צו אַרבעטן... הכלל, ער פייניקט זי אַזוי לאַנג, ביז דער גראַף נעמט זיך פאַר איהר אָן. ווען נישט דער גראַף וואָלט זי שוין לאַנג געווען אויף יענער וועלט...

## אַוודאָטיאַ נאַזאַראָוונאַ.

אָפט טרעפט, אַז ער פערשליסט זי אין קעלער או[ן]



שרייט צו איר אַריין: „הער נור דו, אַזוינע און אַזוינע, פרעס דיר דאָרט דיין קנאָבל"... און זי עסט און עסט אַזוי לאַנג, ביז זי הייבט-אָן אָפּצוגעבן און שפּייט-אויס די נשמה צוזאַמען מיטן קנאָבל.

(אַ געלעכטער).

## סאַשאַ.

פּאַפּאַ, דאָס איז דאָך אַלץ ליגנט!

## לעבעדיעוו.

נו, איז וואָס? וואָס האַרט דיך, אַז זיי פּלוידערן?... (שרייט). גאַוורילאַ! (גאַווּרילאַ גיט אים בראָנפן מיט וואַסער).

## זינאַאידאַ סאַווישנאַ.

צוליב דעם טאַקי איז ער נעבעך רואינירט געוואָרן. די געשעפטן ביי אים זענען אינגאַנצן געפאַלן... ווען באָרקין וואָלט נישט געווען געפירט די ווירטשאַפט וואָלט ער מיט דער זשידאָווקא נישט געווען געהאַט וואָס צו עסן (זיפצט). און וואָס ווייסט איר, וואָס מיר האָבן זיך מיט אים אָנצולײַדן! מיר ליידן פון אים אַזוי פיל, אַז איין גאָט זאָל זיך מרחם זיין!... איר וועט גלייבן, טייערע, אַז שוין דריי יאָר איז ער אונז שולדיק 9 טויזנט!

## באַבאַקינאַ.

(מיט שרעק).

9 טויזנט!...

## זינאַאידאַ סאַווישנאַ.

יאָ, יאָ... דאָס האָט מיין מאַן אַזוי קלוג געבעל-חבתעוועט אים צו באָרגן. ער קלויבט נישט איבער וועמען מען קאָן יאָ געבן און וועמען-נישט. מילא, וועגן דעם קאַ-

פיטאַל רעד איך שוין נישט,—גאָט איז מיט אים,—נאָר וואָלט ער כאָטש די פּראָצענטער רעגוליער געצאָלט!...

## סאשא.

(הייס).

מאַמאַ, וועגן דעם האָט איר שוין טויזנט מאָל גערעדט!

## זינאַאידאַ סאַווישנאַ.

חאָס איז עפּעס דיין עסק? וואָס נעמ-טו זיך אָן?

## סאשא

(שטעלט זיך אויף).

וואו נעמט איר דעם מוט אָט דאָס אַלץ צו רעדן וועגן אַ מענטש, וואָס האָט אייך קיין שום שלעכטס נישט געטון? ווי ווערט אייך איבערהויפּט נישט מיאוס שטענדיק צו רעדן נאָר וועגן איין-און-דערזעלבער זאַך. איוואַנאָוו, איוואַנאָוו און ווידער איוואַנאָוו—און מעהר איז שוין גאָר נישטאָ וועגן וואָס צו רעדן אויף דער וועלט? (גייט צו דער טיר און קערט זיך צוריק. צו די יינגעלייט). איך בעוואונדער, איך שטוין איבער אייער געדולד, מיינע הערן! איז אייך נישט אומעטיק אַזוי צו זיצן? די לופט ווערט דאָך פערגליווערט פון לאַנגווייליקייט! רעדט זשע עפּעס אַ וואָרט; ווייזט, אַז איר זענט וואַך (לויפט-צו צו אַ יינגענמאַן און שטעלט אים אויף). רירט אייך פון אָרט, בעוועגט אייך אַ ביסל! נו, אויב איר האָט נישט קיין אַנדערע סיוזשעטן, אויסער איוואַנאָוון, טאָ רעדט גאָרנישט, נאָר לאַכט, זינגט, טאַנצט, לעבט...

## לעבעדיעוו

(לאַכט).

נעם זיי, די פערשלאָפענע פאַרשוינען.



## סאשא.

און זענט איר נישט אויפגעלייגט צום טאַנצן און זינגען, בעט איך אייך, אַז כאָטש איין מאל אין לעבן זאָלט איר אַלס קוריאָז מאָבילעזירן אַלע אייערע קרעפטן און זאָלט אַלע צוזאַמען אויסקלערן כאָטש איין שאַרפזיניק וואָרט, כאָטש איין געדאַנק, וואָס זאָל ווירקן, ווי אַ בליץ; כאָטש איין וויץ, וואָס מעג זיין נישט העפליך און אפילו נישט צענזור-מעסיג, נאָר צום לאַכן און ניי זאָל ער זיין!... און זאָלן די פריילייינס כאָטש איין מאָל אין לעבן, קוקנדיק אויף אייך, קענען זאָגן: „אַך!" יינגעלייט! פאַרוואָס זענט איר אַזוי באַנאַל, אַזוי אַלט, אַזוי גרוי און נישט אינטערעסאַנט!... קוקנדיק אויף אייך שטאַרבן דאָך די פליגן און די לאָמפּן הייבן אָן צו קאָפּטשען... אוי, ווי לאַנגווייליק, ווי פאַרבלאָז איר זענט...

## שאבעלסקי

(אריינקומענדיק מיט איוואַנאָוו'ן פון דער רעכטער טיר).

ווער דעקלאַמירט עס דאָ? דאָס זענט איר, שוראָטשקאַ? (לאַכט און דריקט איר די האַנט). איך בעגריס אייך, מיין שיינער מלאך! זאָל אייך גאָט געבן, אַז איר זאָלט וואָס שפּעטער שטאַרבן און שוין אַ צווייט מאָל נישט מגולגל ווערן...

## זינאַאידאַ סאַווישנאַ

(מיט פריידן).

ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש, דער גראַף!...

## לעבעדיעוו.

באַ! וועמען זע איך... דער גראַף! (גייט אים אַנטקעגן).

## שאבעלסקי

(זעענדיק זינאַאידאַ סאַווישנאַ און באַבאַקינאַ'ן, אין דער זייט).

צוויי לאָמבאַרדן אויף איין סאָפע!... אַ פערגעניגן צו קוקן (בעגריסט זיך).

## זינאַאידאַ סאַווישנאַ.

איך בין אַזוי גליקליך. איר, גראַף, זענט ביי אונז אַזאַ זעלטענער גאַסט! (שרייט) גאַווריליאַ, טיי! זעצט אייך, מיינע אָנגעלייגטע געסט! (שטייט־אויף, גייט־אַוועק אין די דעכטע טיר און קומט צוריק מיט אַ פֿערזאָרגט פנים. סאַשאַ זעצט זיך אויפ'ן פריערדיקן אָרט. איוואַנאָוו בעגריסט זיך שווייגנדיק מיט אַלע).

## לעבעדיעוו

(צו שאַבעלסקי'ן).

פון וואַנען האָסטו דיך דערנומען? וואָס פאַר אַ רוחות האָבן דיך ענדליך אַהער געבראַכט? וואָס פאַר אַ סיורפריז! (קושט אים). גראַף, דו ביזט דאָך אַ רוצח! אַזוי טוען נישט קיין אָרנטליכע מענטשן! (פירט אים אונטער דער האַנט איבער דער סצענע). פאַר־וואָס קומסטו נישט צו אונז? ביזט בייז, צי וואָס?

## שאַבעלסקי.

אויף וואָס קען איך צו דיר קומען צו פאָרן? רייטנדיק אויף אַ שטעקן? קיין אייגענע פערד האָב איך נישט, און ניקאָ־לאַי וויל מיך נישט מיטנעמען; ער הייסט מיך זיצן מיט סאַ־ראַ'ן, אַז ס'זאָל איר נישט זיין אומעטיק. שיק נאָך מיר דיינע פערד, וואָלט איך געפאָרן...

## לעבעדיעוו

(מאַכט מיט דער האַנט).

נו, יאָ, געטראָפן דאָס אָרט!... זיוזיושקאַ וואָלט פריער די פלאַץ געקריגן, איידער זי וואָלט מיר ערלויבט די פערד אַוועקצושיקן (פויזע). אַך, ליבער גראַף! דו ביזט דאָך מיר דער טייערסטער און דער נאָענטסטער מענש! פון דעם גאַנצן אַלט־וואַרק זענען נור געבליבן איך און דו! איך ליב אין דיר מיינע דורכגעלעבטע ליידן און מיין פערשוואונדענע יוגנט... שפאַס אָן אַ זייט... ווען איך קוק אויף דיר האָב איך דאָס



איינדרוק, ווי איך וואָלט געזען אַ מין לעבעדיקע מצבה פון מיין פערגאַנגענהייט און כ'וואָלט מיטן גאַנצן האַרץ געוואָלט וויינען (קושט דעם גראַף).

## שאַבעלסקי.

לאָז־אָפּ! פון דיר פילט מען דאָך אַ ריח, ווי פון אַ וויינ־קעלער...

## לעבעדיעוו.

נשמה מיינע, דו קענסט דיר נישט פאָרשטעלן, ווי אומע־טיק מיר איז אָן מיינע פריינד! איך בין גרייט זיך אויפצוהענגען פון אומעטיקייט (שטיל). זיוזיושקאַ האָט מיט איר לאָמבאַרד פעריאָגט אַלע אַנשטענדיקע מענטשן און ס'זענען פערבליבן נור אָט די חיות. די דודקינס מיט די בודקינס... נו, נעם אַ גלעזל טיי... (גאַווריליאַ גיט דעם גראַף טיי).

## זינאַאידאַ סאַווישנאַ

(פערזאָרגט, צו גאַווריליאַ'ן).

נו, ווי אַזוי גיסטו טיי? וואָלסט מיטגעברענגט אַביסל איינגע־מאַכטס, ווייס איך...

## שאַבעלסקי

(לאַכט צו איוואַנאָוו'ן).

נו, האָב איך דיר נישט געזאָגט? (צו לעבעדיעוו'ן). אויפן וועג האָב איך זיך מיט אים געוועט, אַז אַזוי ווי מיר וועלן נור קומען צו פאָרן וועט זיוזיושקאַ באַלד אָנהייבן אונז מכבד צו זיין מיט איר זויער איינגעמאַכטס...

## זינאַאידאַ סאַווישנאַ.

איר, גראַף, זענט נאָך אַלץ דערזעלבער חוזק־מאַכער... (זעצט זיך).

לעבעדיעוו

(צו שאבעלסקי'ן).

אַז מ'האָט שטיין צוואָנציק פּעסער איינגעמאַכטס מוז מען דאָך זוכן אַ מיטל ווי אַזוי דערפון פּטור צו ווערן...

שאבעלסקי

(זעצנדיק זיך ביים טיש).

נו, איר מאַכט די קאָפּיקע, זיוזיושקאַ? נו, האָט איר שוין כאָטש אַ מיליאָנטשיקל, האַ?

זינאאידא סאווישנא

(מיט אַ זיפץ).

אַז מען קוקט פון דער זייט, מיינט מען, אַז קיין רייכערע מענטשן פון אונז איז שוין גאָרנישט דאָ, אָבער פון וואַנען זאָלן מיר האָבן געלט? ס'איז נור גערעדט...

שאבעלסקי.

נו, יאָ, מיר ווייסן שוין די קונצן... (צו לעבעדיעוו'ן). זאָג געוויסנהאַפט: ס'האַלט נאָך ווייט צו אַ מיליאָנטשיקל?...

לעבעדיעוו.

איך ווייס נישט. דאָס פרעג ביי זיוזיושקאַ'ן.

שאבעלסקי

(צו באבאקינא'ן).

און דאָס פעטע פּאָמפּאָנטשיקל וועט שוין אויך באַלד האָבן אַ מיליאָנטשיקל! זי ווערט פולער און שענער נישט לויט די טעג, נאָר לויט די שעה'ן! אָט וואָס עס הייסט האָבן אַ סך געלט...



באבאקינאַ.

איך דאַנק אייך זער, אייער עקסעלענץ, אָבער איך האָב נישט ליב, מען זאָל מאַכן פון מיר חוזק...

שאבעלסקי.

מיין טייערע לאָמבאַרד! דאָס הייסט חוזק־געמאַכט? דאָס איז אַ וויי־געשריי פון דער נשמה; פון איבערפלוס פון די געפילן בעוועגן זיך מעכאַניש די ליפּן... אייך און זיוזיושקאַן ליב איך אונענדליך... (פריילעך). ווען איך זע אייך קען איך נישט בלייבן גלייכגילטיק, נאָר איך ווער אַריינגעטריבן אין אַ שטימונג פון ענטציקונג, פון עקסטאַז...

זינאַאידאַ סאווישנאַ.

איר זענט פונקט דערזעלבער, ווי איר זענט געווען. (צו גאווריל'אַן). גאַוורילאַ, פערלעש די ליכט! צו וואָס זאָלן זיי זיך ברענען, אויב איר שפּילט נישט? (גאווריל'אַ גיט אַ ציטער און לעשט־אויס די ליכט. צו איוואנאָוו'ן). ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש, וואָס מאַכט אייער פרוי אין געזונט?

איוואַנאָוו.

שלעכט. היינט האָט דער דאָקטאָר ענטשידן ערקלערט, אַז זי איז שווינדזיכטיק.

זינאַאידאַ סאווישנאַ.

טאַקי? אַ רחמנות, נעבעך!... (אַ זיפץ) און מיר אַלע ליבן זי אַזוי...

שאבעלסקי.

דאָס איז אַ אונזין!... ס'איז גאָרנישט קיין שווינדזוכט, ס'איז אַ דאָקטאָרישע שאַרלאַטאַנעריי און ווייטער גאָרנישט. ער וויל דאָרט זיך אַרומשלעפּן מיט איר, האָט ער אויסגעקלערט עפּעס

אַ שווינדזוכט. אַ גליק, וואָס דער מאַן איז נישט אייפערזיכטי־ (איוואַנאָוו מאַכט אַן אומגעדולדיקע בעוועגונג). וואָס אָנבעלאַנגט סאַראַ׳ן אַליין, גלייב איך איר נישט קיין איין וואָרט, קיין איין בעוועגונג. אין מיין לעבן האָב איך קיינמאָל נישט געגלייבט נישט קיין דאָקטוירים, נישט קיין אַדוואָקאַטן, נישט קיין פרויען. ס׳איז אַ אונזין, אַ שאַרלאַטאַנעריי און קונצן־מאַכעריי.

## לעבעדיעוו

(צו שאַבעלסקי׳ן).

דו ביזט אַ וואונדערליכער סוביעקט, מאַטוויעי!... האָסט זיך אָנגעזאַפּש מיט אַ מין מיזאַנטראָפּיע און טראָגסט זיך מיט איר אַרום, ווי אַ נאַר מיט אַ שילד...

(פּויזע).

## זינאַאידאַ סאַווישנאַ.

לאַנג איז שוין ביי אונז דער דאָקטאָר לוואָוו נישט געווען. ער האָט איינגאַנצן אָן אונז פערגעסן.

## סאשא.

מיין אַנטיפּאַטיע. ער איז אַ מין גייענדיקע ערליכקייט. ער וועט קיין ביסל וואַסער נישט אויסטרינקען, קיין פּאַפּיראָס נישט פערדויכערן, ער זאָל דערביי נישט אַרויסווייזן זיין אויסערגעוויינליכע ערליכקייט. צי ער גייט, צי ער זיצט, איז ביי אים שטענדיק אויפן שטערן, ווי אָנגעשריבן: איך בין אַן ערליכער מענטש! ער איז לאַנגווייליק.

## איוואַנאָוו.

ער האָט מיך שרעקליך מיד געמאַכט, אָבער דאָך איז ער מיר סימפּאַטיש; ער האָט אין זיך אַ סך אויפריכטיקייט.

## שאַבעלסקי.

אַ שיינע אויפריכטיקייט! נעכטן אין אָוונט גייט ער צו



מיר צו און מיר נישט דיר גיט ער אַ זעץ אַרויס: „איר, גראַף, זענט מיר זייער נישט סימפּאַטיש!” און דאָס אַלץ ווערט געמאַכט מיט אַזאַ נאַרישן ערנסט: און די שטימע ציטערט, און די אויגן ברענען... אַז דער טייוול זאָל כאַפּן אַזאַ הילצערנע אויפריכטיקייט! יאָ, דו האָסט מיך פיינט, דו קענסט מיך נישט אָנקוקן,— דאָס איז גאַנץ נאַטירליך... איך בין עס אַליין מודה. נאָר צו וואָס דאַרף מען דאָס זאָגן יענעם גלייך אין פּנים אַריין? איך בין אַ געמיינער מענטש, נאָר ווי די זאַך זאָל נישט זיין האָב איך דאָך גראָע האָר... דאָס איז אַ טאַלענטלאָזע, אַן אומגעלומפּערטע ערליכקייט!

## לעבעדיעוו.

מאַך נישט אַזאַ געוואַלט! ביזט אויך אַמאָל געווען יינג און דאַרפסט אים פערשטיין.

## שאַבעלסקי.

יאָ, אויך איך בין אַמאָל געווען יינג און נאַריש און האָב אומעטום געזוכט נור שווינדלער און אויסוואורפן, אָבער קיינמאָל אין לעבן האָב איך קיין גנב אין פּנים אַריין נישט געזאָגט, אַז ער איז אַ גנב און אין הויז פון אַ געהאָנגענעם האָב איך נישט גערעדט וועגן קיין שטריק. איך בין געווען ערצויגן. און דער דאָזיקער טעמפּער דאָקטאָר אייערער וואָלט זיך דערפילט אויפן זיבעטן הימל, ווען ס׳וואָלט זיך אים געמאַכט אַ געלעגנהייט אין נאָמען פון זיינע פּרינציפּן און אַלמענטשליכע אידעאַלן מיך...

(ס׳קימט אַריין באָרקין. ער איז אויסגעפּוצט ווי אַ פּראַנט. ער טראָגט אַ פּעקעלע אין דער האַנט. אונטערזינגענדיק קומט ער אַריין פון דער רעכטער טיר. ער גייט שנעל, אונטערטאַנצנדיק אויף די שפּיץ נעגל. אַ געריוש פון צופרידנהייט).

## די פריילינס.

אַך, מיכאַאיל מיכאַאילאָוויטש!...

## לעבעדיעוו.

אָ וואַ, אַ גאַסט! מיכאַאיל מיכאַילאָוויטש!

## באָרקין

(מיט אַ פייערליך־דעקלאַמאַטאָרישן טאָן).

און אָט בין איך! (לויפט־צו צו סאַשאַ'ן). תּאָלוואָלגעבוירענע מאַדמואַזעל! איך נעם זיך די דרייסטקייט צו באַגריסן די גאַנצע וועלט מיטן געבורט פון אַזאַ וואונדערליך בלימעלע, ווי איר זענט... אַלס צינש פון מיין ענטציקונג ערלויב איך מיר אייך איבערצוגעבן (גיט איר דאָס פּעקעלע) פייערווערק און בענגאַלישע פייערן פון מיין אייגענער אויסאַרבייטונג. זאָלן זיי באַלייכטן די נאַכט פונקט אַזוי ווי איר באַלייכט דאָס קעניגרייך פון דער פינסטערניש (בייגט זיך טיף אַראָפּ טעאַטראַליש).

## סאשא.

(קאַלט).

יך אַנק אייך...

(די פריילנס קוקן אויף אים מיט ענטציקונג).

## שאַבעלסקי

האָט זיך שוין מייאש געווען פאָרטצוזעצן זיין אויפערגעריסענעם געשפּרעך. אָבסערווירט, ווי באָרקין שוויצט און שרייט־אויס מיט אַ טאָן, האַלב חוזק און האַלב קנאה)

פס... ווי אַלץ איז אויפגעהייטערט געוואָרן! דאָס איי די נשמה פון דער געזעלשאַפט!

## לעבעדיעוו

(גלייכציטיק מיט באָרקינ'ס אויסגעלערנטע דרשה צו איוואַנאָוו'ן, לאַכנדיק).

פאַרוואָס פעריאָגסטו נישט פון זיך דעם דאָזיקן יודאַש?



## באָרקין.

(באַגריסט זיך. צו לעבעדיעוו'ן).

מיין האָכאַכטונג. (צו איוואַנאָוו'ן) מיין פאַטראָן... (זינגט). ניקאָ-לאַ-וואָאַלאַ האָ-הי-האָ! (גייט אַרום אַלע). דער רעספּעקטירטער זינאַאידאַ סאַווישנאַ... דער געטליכער מאַרפאַ יעגאָראָווּנאַ..., דער אַלטערטימליכער אַוודאָטיאַ נאַזאַראָוונאַ... זיין עקסעלענץ דעם ה' גראַף...

## שאַבעלסקי

(לאַכט).

אַז איך זאָג, אַז דאָס איז די נשמה פון דער געזעל-שאַפט... ער האָט זיך נור באַוויזן איז די אַטמאָספערע באַלד אָנגעזאַפּט געוואָרן מיט לעבן... איר באַמערקט עס?

## באָרקין.

אוף! איך האָב זיך פערמאַטערט... דאַכט זיך, איך האָב זיך שוין מיט אַלע באַגריסט, האַ? נו, וואָס דערציילט איר עפּעס נייעס, מיינע הערן? ס'איז נישטאָ עפּעס אַ קיצלדיק גע-שיכטעלע, עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל געבן אַ ריס אין דער נאָז? (מיט אַ לעבהאַפטן טאָן, צו זינאַאידאַ סאַווישנאַ). אַך, הערט נור אויס, מאַ-מאַשאַ... איך פאָר אַזוי צו אייך... (צו גאַווריליאַ). גאַווריליאַ, דער־לאַנג נאָר שנעלער אַ גלעזל טיי, אָבער אָן איינגעמאַכטס!... (צו זינאַאידאַ סאַווישנאַ). איך פאָר אַזוי צו אייך, באַמערק איך, ווי ביים טייך שטייען פוירן און ברעכן די צווייגן פון אייערע ביימער. פאַרוואָס דערלאָזט איר דאָס?

## לעבעדיעוו.

(צו איוואַנאָוו'ן).

פאַרוואָס פעריאָגסטו נישט דעם דאָזיקן יודאַש?

## זינאַאידאַ סאַווישנאַ

(דערשראָקן).

וואָס רעדט איר? ווי הייסט, ס'איז דאָך מיר גאָרנישט איינגעפאַלן.

## באָרקין

(מאַכט האַנט-גימנאַסטיק).

איך קען נישט רעדן אָן קיין בעוועגונגען... (לויפט צו מאַרפאַ יעגאָראָוונאַ'ן). אַך, מאַרפאַ יעגאָראָוונאַ! איר שטייט נעבעך, ווי אַן איינזאַם, אַ פערוואָרלאָזט בלימעלע אין פעלד... און איך גיי דאָך אויס פאַר אייך... איך בין עקזאַלטירט! (זינגט). „איך שטיי ווירער פאַר דיר"...

## זינאַאידאַ סאַווישנאַ

(לאַכט).

אדרבא, מאַכט עפעס אינטערעסאַנט, וואָרום ס'איז אונז שוין אַלע אַזוי אומעטיק...

## באָרקין.

מיינע העררן, וואָס האָט איר ווירקליך אַראָפגעלאָזט די נעז? זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט, ווי די געשוואוירענע ריכטער! און אַז באָרקין איז נישטאָ מוז מען שוין גלאַט זיצן און שוויצן, ווי די נאַסע גענז? מען קען דאָך נאָך פונדעסטוועגן אויסקלערן עפעס אַ פערוויילונג! מען קען דאָך שפילן אין פאַנטן, אין טענץ, אין פייערווערק!

(פויזע).

אָבער נישט געזאָרגט! באָרקין לעבט נאָך! נאָך יענע וואָך האָב איך געטראַכט, אַז שוראָטשקאַס יום-טוב איז דאָך אייגענטליך אויך מיין יום-טוב (לאַכט קאָקעטיש צו סאַשאַ'ן, וועלכע קערט פון אים אַפ איר בליק מיט אַן אינגאַרירענדער איראָניע) און אַז כ'וואָלט אינגאַנצן פער-



פירן מיין רעפוטאַציע אַלס פאַטענטירטער דזשענטעלמען, ווען איך וואָלט צו איר געבורטסטאָג נישט צוגעגרייט עפעס אַ סיור-פריז פאַר עקסעלאַנס (הייבט אויף די רעכטע האַנט אין אַ טעאַטראַלער פאָזע). אַלזאָ, איך האָב אָנגעהויבן צו זוכן און צו נישטערן און בין דערגאַנגען, אַז אין אַן ערך 15–16 וויאָרסט פון דאַנען, אין אַ דאָרף, זענען געקומען צו פאָרן צו זייערע אַ ווייטע קרובה אויף אורלויב דריי שוועסטער, וואָס רעכענען זיך פאַר די גרעסטע קינסטלערינס פון דער מאָסקווער ציגיינער-טרופע...

## אלע

(איבעראַשט).

אין דער מאָסקווער ציגיינער-טרופע?

## באָרקין.

יאָ, יאָ... וואָס וואונדערט איר זיך אַזוי?... זאָרגט אייך פאַר באָרקינען... איך האָב נישט לאַנג געטראַכט און בין גלייך צו זיי אַריבערגעפאָרן. זיי האָבן אפילו נישט געוואָלט הערן, נאָר מיט באָרקינען ווען זיי עפעס מאַכן?... איך האָב זיי אָנגענומען פון די שוואַרצע צעפ און האָב זיי אַהערגעבראַכט...

## שטימען.

אַהערגעבראַכט טאַקי?

## באָרקין.

יאָ, יאָ, וואָס דען מיינט איר?... דאָס, וואָס באָרקין וויל, דאָס מוז געשעען... נו, זאָל מען דאָ מאַכן אַביסל מער פלאַץ. זיי טוען זיך דאָרט איבער און וואַרטן אויף מיין סיגנאַל זיך צו בעוויזן... זיי בעזיצן אַ רעפּערטואַר פון די וואונדערפולסטע קאַווקאַזער, טאַטאַרן-און גרוזינער-לידער. חוץ דעם נעהערן זיי צו די שענסטע אויספירער פון די אָריגינעלסטע ציגיינער-און טשערקעסן-טענץ... (ער לויפט אַרויס. מען הערט אַ פייף הינטער דער סצענע).

## שטימען.

בראַוואָ, באָרקין!...

(נאָך אַ קורצע פויזע לויפט־אַריין באָרקין, זיך ווישנדיק מיט אַ רויט טיכל דעם שוויס און גלייך נאָך אים דריי ציגיינערינס, וועלכע טאַנצן און זינגען אַ פּאָפּורי פון אָריענטאַלישע לידער, פערלאָזנדיק די סצענע אונטער שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן פון אַלע, וואָס געפינען זיך אויף דער סצענע).

## באָרקין.

(טריאומפירענדיק, צוגייענדיק צו סאַשאַ'ן).

נו, זאָל שוראָטשקאַ וויסן, וואָס באָרקין קען... (צו אַלע). יעצט, מיינע דאַמען, לייג איך פאָר, אַז מיר זאָלן אַלע אַרויס־גיין אין סאָד אַריין און דאָרט וועלן מיר שפּילן אין פאַנטן, אין פייערווערק.

## די פריילײנס

(פּאַטשן מיט די הענט).

יאָ, יאָ, אין סאָד אַריין... יאָ, יאָ, פייערווערק... (זיי לויפן אין סאָד אַריין).

## סאַשאַ.

(צו איוואַנאָוו'ן).

וואָס זענט איר היינט אַזוי טרויעריק!

## איוואַנאָוו.

דער קאָפּ טוט וויי, שוראָטשקאַ, און ס'איז אַזוי לייִדיק אין דער נשמה.

## סאַשאַ

בעגלייט מיך אַריין צו פּ... אין קאַבינעט, כ'דאַרף דאָרט



עפּעס נעמען... (זיי גייען אַריין אין דער רעכטער טיר. אַלע פערלאָזן די סצענע און גייען אין סאָד אַריין. אויף דער סצענע בלייבן נאָר איבער זינאַאידאַ סאַווישנאַ און לעבעדיעוו).

## זינאַאידאַ סאַווישנאַ.

אָט דאָס הייסט אַ מענטש! ס'האָט נישט געדויערט קיין מינוט און ביי יעדן הייבן זיך די פיס צום טאַנצן (מאַכט אַ ושעסט, ווי זי וואָלט געוואָלט טאַנצן, אָבער זי כאַפּט זיך באַלד צוריק. זי לעשט אויס די גרויסע לאָמפּ). כל־זמן זיי זענען אַלע אין סאָד, דאַרף מען דאָך נישט גלאַט ברענען קיין פייער (לעשט־אויס די ליכט).

## לעבעדיעוו.

(נאָכגייענדיק נאָך איר).

זיוזיושקאַ, מען וואָלט געדאַרפט די געסט געבן עפּעס צו עסן...

## זינאַאידאַ סאַווישנאַ.

(מאַכט זיך, ווי זי וואָלט אים נישט געהערט).

זע נור ס'ביסל ליכט, וואָס פאַר אַן אילומינאַציע! נישט אומזיסט מיינען מענטשן, אַז מיר זענען אַזוי רייך... (לעשט).

## לעבעדיעוו

(נאָכגייענדיק נאָך איר).

זיוזיושקאַ, וואָלסט אפשר די געסט געגעבן עפּעס אין אַריין... ס'זענען דאָך יינגע מענטשן, זיי גייען דאָך דאָ אויס פאַר הונגער... ס'איז דאָך אויף זיי אַ ביטער רחמנות...

## זינאַאידאַ סאַווישנאַ

(מאַכט זיך נישט הערן און גייט ווייטער אַרום איבער דער סצענע).

דער גראַף האָט נישט אויסגעטרונקען דאָס גאַנצע גלאָז

טיי. אומזיסט און אומנישט קאַליע געוואָרן צוקער... מען דאַרף אויסלעשן די לאָמפּ ביי שוראָטשקאַן אין קאַבינעט... צו וועלכע טייוול דאַרף זיך דאָרט גלאַט ברענען?... (גייט אין דער רעכטער טיר).

## לעבעדיעוו

(באַרשט־אויס מיט פֿאַראכטונג).

טפוי!... (גייט אין סאָד).

## סאַשאַ.

(אַריינקומענדיק מיט איוואַנאָוו'ן פֿון דער רעכטער טיר).

אַלע זענען אַוועק אין סאָד אַריין.

## איוואַנאָוו.

...יאָ, אַזוי איז עס, שוראָטשקאַ. פריער האָב איך אַ סך געאַרבעט און אַ סך געדענקט און איך בין קיינמאָל נישט געוואָרן פערמאַטערט. יעצט אָבער טו איך גאָרנישט און קלער וועגן גאָרנישט און דאָך בין איך אונגעהויער מיד אי קערפּער־ליך, אי גייסטיק. טאָג און נאַכט טוט מיר וויי מיין געוויסן; איך פיל, אַז איך בין עפּעס טיף זינדיק, נאָר אין וואָס אייגענטליך עס בעשטייט מיין שולד חייס איך נישט און דאָ קומט נאָך צו די קראַנקהייט פון מיין פרוי, דער מאַנגל אין מיטלען, די רכילות'ן, דער נאַרישער באָרקין... מיין הויז איז מיר געוואָרן פער'מיאוס'ט און דאָס לעבן אין אים איז פאַר מיר ערגער, ווי די שווערסטע פּיין. כ'וועל אייך זאָגן אָפענהערציק, שוראָטשקאַ, אַז מיר איז געוואָרן אונערטרעגליך זאָגאַר די געזעלשאַפט פון מיין פרוי, וועלכע ליבט מיך. איר זענט מיין אַלטער פריינט און איר וועט דאָך נישט זיין בייז אויף מיר פאַר מיין אויפ־ריכטיקייט. כ'בין אַהער געפאָרן צו אייך זיך אַביסל צו צושטרייען, נאָר מיר איז לאַנגווייליק אויך ביי אייך, און עס ציט מיך ווידער אַהיים. ענטשולדיקט מיר, איך וועל באַלד שטילערהייט אַוועקפאָרן.



## סאַשאַ.

איך פערשטיי אייך, ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש! אייער אומגליק איז דאָס, וואָס איר זענט איינזאַם. ס'איז נויטיק, אַז לעבן אייך זאָל זיך געפינען אַ מענטש, וועלכן איר זאָלט ליבן און וועלכער זאָל אייך פערשטיין. נאָר די ליבע קען אייך צוריקקערן אייער פערלוירענעם לעבענס־דורשט און קען אייך פערוואַנדלען אין אַ נייעם מענטש.

## איוואַנאָוו.

ס'איז אַ טעות, שוראָטשקאַ. כ'בין אַלט, לעבנסלאָז, אַלזייטיק צובראָכן און גיי פערפיר יעצט אַ נייעם ראָמאַן! ניין, מיין הכמה! נישט אינ'ם ראָמאַן גייט עס. איך רעד, ווי פאַר גאָט! איך וועל איבערטראָגן אַלץ: אי די קרענקליכע בענקשאַפט נאָך עפּעס אַזוינס, וואָס לאָזט זיך נישט בעשטימען מיט ווערטער, אי די מאַטעריעלע רואין, אי דעם פערלוסט פון מיין פרוי, אי מיין פריצייטיקע עלטער, אי די איינזאַמקייט, נאָר איך וועל נישט איבערטראָגן, איך וועל נישט אויסהאַלטן מיין אויטאָ־איראָניע, מיין שפּאָט איבער זיך אַליין. איך שטאַרב פון בושה ביים געדאַנק, אַז איך,—אַ געזונטער שטאַרקער מענטש,—בין געוואָרן פערוואַנדלט אין אַ מין האַמלעט, אין אַ מין מאַנפרעד, עפּעס אין אַ מין איבריקן מענטש אויף דער וועלט... ס'זענען דאָ אַזעלכע בעדויערנסווירדיקע פאַרשוינען, וועלכע עס שמייכלט, ווען מען זאָגט אויף זיי, אַז זיי זענען האַמלעט'ס, אָדער איבריקע מענטשן, נאָר פאַר מיר איז עס אַ בזיון! דאָס בעליידיקט מיין שטאָלץ, אַ געפיל פון שאַנדע דריקט מיך, און איך לייד...

## סאַשאַ

(שפּאַסנדיק, דורך טרערן).

ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש, לאָ'מיר אַנטלויפן קיין אַמעריקא.

### איוואַנאָוו.

איך בין פויל צוצוגיין צו דער דאָזיקער שוועל און איר הייסט מיך לויפן קיין אַמעריקאַ!.. (זיי גייען צום אויסגאַנג אין סאָד). און ווירקליך, שוראַ, לעבט זיך אייך דאָ שווער! ווען איך בע-טראַכט די מענטשן, וועלכע רינגלען אייך אַרום, ווערט מיר שרעקליך: מיט וועמען וועט איר דאָ חתונה האָבן? איין האָפ-נונג איז דאָ, אַז עפּעס אַ דורכפאָרנדיקער סטודענט אָדער אָפיצער וועט אייך אַרויס׳גנב׳ענען און אַוועקפירן...

(זינאַאידאַ סאַווישנאַ קומט-אַרויס פון דער לינקער טיר מיט אַ סלאָי איינגעמאַכטס).

### איוואַנאָוו.

ענטשולדיקט, שוראָטשקאַ, איך וועל אייך דער אָגן!

(סאַשאַ גייט אוועק אין סאָד).

### איוואַנאָוו.

זינאַאידאַ סאַווישנאַ, איך האָב צו אייך אַ ביטע...

### זינאַאידאַ סאַווישנאַ.

וואָס אַזעלכעס, ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש?

### איוואַנאָוו

(מיט אַ חאַקלדיקן טאָן).

די זאַך, פערשטייט איר, איז די, וואָס איבערמאָרגן איז דער טערמין פון מיין וועקסל. איך וואָלט אייך אונגעהויער דאַנקבאַר געווען, ווען איר וואָלט מיר געגעבן אַ פּראָלאָנגאַציע, אָדער איר וואָלט מיר ערלויבט צוצושרייבן די פּראָצענטער צום קאַפּיטאַל. איך בין יעצט אַבסאָלוט אָן געלט...

### זינאַאידאַ סאַוויש.א.

(דערשראָקן).

ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש, ווי קען מען דאָס? וואָס איז



דאָס פאַר אַן אָרדנונג? ווי קענט איר גאָר קומען מיט אַזאַ פאָרשלאָג? פּייניקט מיך נישט, איך בעט אייך...

### איוואַנאָוו.

ענטשולדיקט, ענטשולדיקט... (גייט אין סאָד).

### זינאַאידאַ סאַווישנאַ.

פוי, ווי ער האָט מיך בעאונרואיקט!... איך ציטער אינגאַנצן... איך ציטער אינגאַנצן... (גייט אַוועק אין דער רעכטער טיר).

### קאָסיך

(... פון דער לינקער טיר און גייט איבער דער סצענע).

הערט נאָר אַ גאַנג: איך האָב אַ טויז שעל (ציילט אויף די פינגער), אַ מלך שעל, אַ דאַמע שעל, אַ מלכה שעל, אַ טויז גרין און אַ קליין שטיקעלע — אַ פּיצעלע - רויט און די דאָזיקע מכשפה, אַז דער טייוול זאָל איר אַרומכאַפּן אַרום און אַרום, האָט מיר נישט געקענט אונטערשפּילן אַ שטיקעלע גרין (פערשווינדט אין דער רעכטער טיר).

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ

(קומט אַריין מיט לוואָוו׳ן פון דער רעכטער טיר).

ס׳מאַכט נישט אויס — זיי וועלן זיין מיט אונז צופרידן... ס׳איז קיינער נישטאַ. ווייזט אויס, אַז זיי זענען אין סאָד.

### לוואָוו.

נו, פּאַרוואָס, פרעג איך אייך, האָט איר מיך אַהערגע-בראַכט צו די דאָזיקע רויב-פייגל? דאָ איז נישט קיין אָרט פאַר מיר מיט אייך. ערליכע מענטשן דאַרפן נישט קענען אַזאַ אַטמאָספערע.

## אננאַ פּיעטראָוונאַ.

הערט מיך אויס, ה׳ ערליכער מענטש! ס׳איז נישט העפ־ליך צו בעגלייטן אַ דאַמע און דעם גאַנצן וועג נאָר צו רעדן וועגן דער אייגענער ערליכקייט. ס׳קען זיין, אַז דאָס איז טאַקי ערליך, אָבער יעדנפאַלס איז עס נישט אינטערעסאַנט. מיט קיין פרויען זאָלט איר קיינמאָל נישט רעדן וועגן אייערע מעלות. זאָלן זיי עס אַליין פערשטיין. מיין ניקאָלאַי, ווען ער איז געווען אַזעלכער, ווי איר, פלעגט ער אין אַ פרויען־געזעלשאַפט נאָר זינגען לידער אָדער דערציילן לעגענדעס און אַנעקדאָטן און דאָך האָט יעדע געוואוסט, וואָס פאַר אַ טיפּ מענטש דאָס איז.

## לוואָוו.

אַך, דערציילט מיר נישט וועגן אייער ניקאָלאַייען, איך פערשטיי אים אויסגעצייכנט,

## אננאַ פּיעטראָוונאַ.

איר זענט אַ גוטער מענטש, אָבער איר פערשטייט גאָר־נישט. לאָ׳מיר גיין אין סאָד אַריין. ער האָט זיך קיינמאָל נישט אויסגעדריקט אַזוי: „איך בין ערליך! מיך שטיקט אין דער אַטמאָספערע! רויב־פייגל! חזירים־נעסט! קראָקאָדילן!”. די מע־נאַזשעריע האָט ער איבערגעלאָזט אין איר רו און פלעגט ער זיך אויפרעגן האָב איך פון אים נאָר געהערט די ווערטער: „אַך, ווי אומגערעכט איך בין היינט געווען!” אָדער: „אַניוטאַ, איך בעדויער דעם דאָזיקן מענטש!” אָט ווי אַזוי ער פלעגט רעדן, אָבער איר... (זיי פערשווינדן).

באַבאַקינאַ און באָרקין לויפן אַריין מיט אַ געלעכטער פון סאָד; נאָך זיי שלעפּט זיך נאָך שאַבעלסקי, לאַכנדיק און ווישנדיק זיך די הענט).

## באַבאַקינאַ.

ווי לאַנגווייליק! (לאַכט) ווי לאַנגווייליק! אַלע גייען און



זיצן, ווי זיי וואָלטן אַראָפּגעשלונגען אַן אַרשין! פון לאַנגווייליקייט זענען מיר אַלע ביינדעלעך פערגליווערט געוואָרן (שפּרינגט). מען דאַרף זיך אַביסל צוטאַנצן! (פּרובט טאַנצן. באָרקין כאַפּט זי אָן פאַר די טאַליע און קושט איר אין באַק).

## שאַבעלסקי

(לאַכט און קנאַקט מיט די פינגער).

אַז דער טייוול זאָל עס כאַפּן! (רעדט מיט אַ קוויטש, בעל־תאווה־דיק־חינקנדיק מיט די אויגן) אין אַ געווויסן זין...

## באַבאַקינאַ.

נעמט־אַראָפּ די הענט, אומפערשעמטער! דער גראַף קען דאָך מיינען גאָט ווייסט וואָס!

## באָרקין.

מלאָך פון מיין נשמה! קעניגין פון מיין האַרץ!... (קושט). באָרגט מיר 2300 רובל!...

## באַבאַקינאַ.

דאָס נישט!... ווי איר ווילט, נאָר וואָס אָנבעלאַנגט געלט דאַנק איך אייך זייער... דאָס פערגעסט...

## שאַבעלסקי.

(קריכט אַרום זי).

פּס... גאָר אַן אַנגענעמער פּאָמפּאָנטשיק!

## באָרקין

(ערנסט).

נו, גענוג. לאָ׳מיר רעדן צו דער זאַך. מיר וועלן רעדן גליך, סוחר׳יש. ענטפערט מיר גלייך, אָן שום קונצן: יאָ אָדער

ניין? הערט! (ווייזט אויפן גראף), ער דאַרף האָבן געלט. איר דאַרפט האָבן אַ מאַן. איר ווילט ווערן אַ גרעפין?

## שאַבעלסקי

(לאַכט).

אַ וואונדערליכער ציניקער!

## באַרקין

איר ווילט ווערן אַ גרעפין? יאָ אָדער ניין?

## באַבאַקינאַ

(אויפגערעגט).

ווי הייסט, אַזעלכע זאַכן ווערן דאָך נישט געמאַכט איינס־צוויי־דריי... אויב דער גראַף וויל, קען ער דאָך אַליין... איך ווייס נישט, ווי אַזוי איז עס פּלוצלונג...

## באַרקין.

מאַכט אייך נישט אַזוי נאַאיוו! דאָס איז אַ סוחר'ישע זאַך... יאָ אָדער ניין?

## שאַבעלסקי

(לאַכנדיק און ווישנדיק די הענט).

און ווירקליך, האַ? פאַרוואָס זאָל איך מיר טאַקי נישט שפּילן אַזאַ שטיקעלע פּערגניגן, האַ? אַ פּאַמפּאָנטשיק... (קושט באַבאַקינאַ'ן אין באַק)... אַ פּראַכט!... אַ אוגערקעלע!...

## באַבאַקינאַ.

וואַרט נור אַ ווײַלע! איר האָט מיך אינגאַנצן צומישט... גייט אַוועק!... ניין, גייט נישט אַוועק!...



## באַרקין.

שנעלער! יאָ אָדער ניין? מיר האָבן קיין צייט נישט...

## באַבאַקינאַ.

ווייסט איר וואָס, גראַף? איר קומט צו מיר צו־גאַסט אויף אַ דריי טעג אַרום... ביי מיר איז פריילעך, נישט אַזוי ווי דאָ... קומט מאָרגן... (צו באַרקין'ען). ניין, איר מוזט טרייבן אַ שפּאַס...

## באַרקין

(בייז).

ווער וועט דאָס גיין מאַכן אַ שפּאַס פון ערנסטע זאַכן?

## באַבאַקינאַ.

וואַרט־נאָר... מיר ווערט נישט גוט!... אַ גרעפין... ס'ווערט מיר נישט גוט!... איך חלש!

(באַרקין און דער גראַף נעמען זי מיט אַ געלעכטער אונטער די הענט און קושנדיק זי פון ביידע זייטן אין די באַקן, פירן זיי איר אַוועק אין דער רעכטער טיר).

(איוואַנאָוו און סאַשאַ לויפן אריין פון סאַד).

## איוואַנאָוו

(אין פאַרצווייפלונג זיך כאַפּנדיק פאַרן קאָפּ).

עס קען נישט זיין! מען דאַרף נישט, שוראָטשקאַ... אַך, מען דאַרף נישט!...

## סאַשאַ

(אין עקסטאַז).

איך ליב אייך שטערבליך!... אָן אייך האָט מיין לעבן קיין זין נישט; אָן אייך זענען פאַר מיר טויט די־

בעגריפן וועגן גליק און פרייד! פאַר מיר זענט איר אַלץ!...

### איוואַנאָוו.

צו וואָס, צו וואָס דאַרף מען דאָס? גאָט מיינער, איך פערשטיי גאָרנישט... צו וואָס טוט איר דאָס, שוראָטשקאַ?

### סאשא.

אין מיין קינדהייט זענט איר פאַר מיר געווען די איין און איינציקע פרייד: איך האָב געליבט אייך און אייער נשמה, ווי זיך אַליין, אָבער איך האָב נישט געהאַט קיין ווערטער אויסצודריקן רעליעף מיינע געפילן... יעצט אָבער איז עס נישט מער קיין קינדער-קאַפּריז... יעצט רעדט צו אייך אַ דערוואַקסענע, אַ רייפע פרוי און איך זאָג אייך, אַז איך ליב אייך שטערבליך, ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש.. מיט אייך בין איך גרייט צו גיין אין יענעם עק וועלט, און וואוהין איר ווילט נאָר אַליין, אפילו אין קבר אַריין, נאָר,—ווי גאָט איז אייך ליב,—שטויסט מיך נישט אָפּ, ווארום איך וועל עס נישט איבערטראָגן...

### איוואַנאָוו

(צולאָכט זיך מיט אַ הילכיק גליקליך געלעכטער).

וואָס-זשע זאָל דאָס בעדייטן? זאָל עס הייסן, אַז איך דאַרף אָנהייבן דאָס לעבן פון דאָס ניי? שוראָטשקאַ, יאָ? מיין גליק! (דריקט זי צו זיך). מיין יוגנט, מיין פרישקייט...

(אַנגאַ פּיעטראָוונאַ קומט-אַריין פון סאָד און, דערזעענדיק דעם מאַן און סאַשאַ'ן, בלייבט זי שטיין פערגליווערט, ווי אַ סטאַטוע).

### איוואַנאָוו.

זאָל עס הייסן, אַז איך האָב ווייטער נאָך וואָס צו לעבן?



אַז איך דאַרף ווייטער אָנהייבן צו זינגען דאָס איבערגעריסענע, דאָס אָפּגעהאַקטע ליד?

(אַ ליידנשאַפטליכע אומאַרמונג און אַ קלינגענדיק הייסער קוש. באַלד דערנאָך קוקן זיי זיך אום און דערזען אַנגאַ פּיעטראָוונאַ).

### איוואַנאָוו

(מיט שרעק).

סאַראַ!

פאָרהאַנג פאַלט.

איחאנאח'ס קאבינעט. אַ שרייב־טיש, אויף וועלכן ס'ליגן אין אונאָרדנונג בּאַ
פּירן, בּיכער, אָפיציעלע פּאַקעטן מיט רויטע סטעמפּלען, רעוואָלווערן או
סאָם זאַכן; לעבן די פּאַפּירן שטייט אַ אָמפּ. אַ קאַרפּינקע מיט בּראָנפֿן,
טעלערל מיט אַ הערינג, שטיקלעך בּרויט און אוגערקעס די ווענט זענען בּע
האָנגען מיט מאַפּעס, בּילדער, בּיקסן, פּיסטאָלעטן, שנייד־מעסערס, נאַגייקע
א. ד. גל. ס'איז אין מיטן טאָג.

שאַבּעלסקי און לעבּעדיעוו זיצן בּיי די זייטן פֿונם שרייב־טיש. בּאַרקין זיצט
אין מיטן דער סצענע, רייטנדיק אויף אַ שטול. פּיאָטר שטייט בּיי דער טיר.

---

## לעבּעדיעוו.

בּיי פראַנקרייך איז די פּאָליטיק קלאָר און בּעשטימט. די פראַנצויזן ווייסן, וואָס זיי ווילן. זיי ווילן אָפּשיילן די חזירים־הענדלער און ווייטער גאָרנישט. בּיי דייטשלאַנד, בּרודער, הערט מען שוין אָבער גאָר אַן אַנדערע מוזיק. דייטשלאַנד האָט, חוץ פראַנקרייך, נאָך א סך הינטלעך אויפן אויג.

## שאַבּעלסקי.

דאָס איז אַלץ נאַרישקייטן... לויט מיין מיינונג זענען אי די דייטשן פּחדנים, אי די פראַנצויזן פּחדנים; זיי ווייזן נאָר

לאָמיר אַביסל בענעצן אונזערע פערטרוקנטע העלער, נעמען.

(ער גיסט-אָן גלעזלעך בראָנפן און דערלאַנגט לעבעדיעװן און .לסקי'ן שאַבע אַ'לע דריי דרייען איבער די גלעזלעך, צוקלאַפנדיק פריער איין גלעזל צום צװײטן).

## לעבעדיעוו

(כאַפּט אַ שטיק הערינג).

אַ הערינגל, מיינע טייערע, איז אַ פערבייסעכץ איבער אַלע פערבייסעכצן.

## שאַבעלסקי.

ניין, אַן אוגערקעלע איז בעסער... צייט די וועלט איז בעשאַפן געוואָרן האַלטן די געלערטע אין זיין קלערן און קיין שום קלוגערע זאַך, ווי אַ געזאַלצענע אוגערקע האָבן זיי נאָך ביז היינט נישט אויסגעקלערט (גיסט ווידער אָן אַ גלעזל בראָנפן, דרייט עס איבער און כאַפּט אַ גרויס שטיק הערינג, כאַפּט עס אַריין, קייט הויך און פּאַטשט מיטן מויל זולל-וסובא'דיק, ארומלעקנדיק די ליפּן מיט דער צונג). אַ געלונגען שטיקל הערינג איז ווירקליך אַ געטליך מאַכל!... אַך, פאַרוואָס בין איך נישט קיין פּאָעט? ווען איך וואָלט געווען אַ גרויסער פּאָעט וואָלט איך אָנגעשריבן אַן אונשטערבליכע אָדע צו אַ... הערינג!... (אַלע לאַכן).

(ס'קומט אַריין לוואָוו).

## לוואָוו.

ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש איז נאָך נישט געקומען?

## לעבעדיעוו.

ניין, איך אַליין וואַרט שוין אויף אים אפשר אַ שעה.

(לוואָוו גייט אונגעהאַלדיק מיט ברייטע טריט איבער דער סצענע).



איינער דעם צווייטן פייגן אין די קעשענעס. גלייב מיר, אַז מיטן דאָזיקן פייגן-ווייזן וועט עס זיך בעגרענעצן. שלאָגן וועט זיי זיך נישט.

## באָרקין.

און איך פערשטיי איבערהויפּט נישט, צו וואָס דאַרף מען פירן מלחמות? צו וואָס דאַרף מען די אַלע בעוואָפנונגען, קאָנגרעסן, קריגס-הוצאות? וואָס וואָלט איך געווען געמאַכט, ווען אין מיינע הענט וואָלט זיך געפינען די ממשלה? כ'וואָלט צוזאַמענגענומען פון דער גאַנצער מלוכה אַלע הינט, כ'וואָלט זיי אַריינגעשפריצט דעם פּאַסטער-גיפט אין אַ היבשער דאָזע און כ'וואָלט זיי אַריינגעלאָזט אין לאַנד פון שונא. און צייט אַ חודש וואָלט ביי מיר דער גאַנצער פיינדליכער לאַגער משוגע געוואָרן.

## לעבעדיעוו

(לאַכט).

אַ קעפּעלע האָט דאָס אַ קליינס און מיט גרויסע אידעען איז עס אָנגעפולט, אַזוי ווי מיט מאָן, אַזוי ווי דער אָקעאַן מיט פיש.

## שאַבעלסקי.

אַז מען שמועסט—אַ ווירטואָז!

## לעבעדיעוו.

מיר האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין דער פּאָליטיק און האָבן גאָר פערגעסן, אַז ס'איז אויך דאָ אַביסל משקה אויף גאָטס וועלט (גיסט-אָן דריי קעלישעקלעך). צום וואוילזיין (טרינקען און פערביימן)

## באָרקין.

(פערדרייטיגט, בגילופין).

נו, וואָס שווייגן מיר ווירקליך? מיר קענען דאָך נאָך, חלילה, פערגעסן, ווי אַזוי מען דרייט-איבער אַ גלעזל בראָנפן.

לעבעדיעוו.

ליבער הער דאָקטאָר, צי אַננאַ פּיעטראָוונאַ פילט זיך עפּעס בעסער?

לוואָוו.

ניין, איר צושטאַנד איז זייער ערנסט.

לעבעדיעוו

(זיפצט).

צי קען מען אַריינגיין זי בעגריסן?

לוואָוו.

ניין, ס'איז גלייכער איר זאָלט נישט גיין. זי שלאָפט, דאַכט זיך...

(פויזע).

לעבעדיעוו.

וואָס פאַר אַ סימפּאַטישע, וואָס פאַר אַ וואוילטשקע, זי איז!... (זיפצט). אין שוראָטשקאַס געבורטס טאָג, ווען זי איז בעפאַלן ביי אונז אין חלשות, האָב איך בעטראַכט איר געזיכט און שוין דעמאָלט האָב איך מיך איבערצייגט, אַז די אָרעמע נעבעך וועט שוין לאַנג נישט לעבן. איך קען נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס ס'איז איר אַזוי נישט גוט געוואָרן. כ'לויף־צו, גיב אַ קוק און ס'ווערט מיר פינסטער פאַר די אויגן; זי ליגט אַ טויט־בלייכע אויף דער ערד, לעבן איר ליגט ניקאָלאַי אויף די קני, אויך בלייך, און שוראָטשקאַ באָדט זיך אין אַ ים טרערן. איך און שוראָטשקאַ זענען נאָך יענעם צופאַל אַרומגעגאַנגען אַ גאַנצע וואָך, ווי משוגע.

שאַבעלסקי

(צו לוואָוו'ן).

זאָגט מיר, איר געערטער פּריסטער פון דער וויסנשאַפט



וואָס פאַר אַ געלערטער האָט דאָס ענטדעקט, אַז האַרץ־ליידענדע דאַמען נויטיגן זיך אין אָפטע וויזיטן פון יינגע דאָקטוירים? דאָס איז אַ וויכטיגע ענטדעקונג! אַ גרויסע ענטדעקונג! צו וועלכער וויסנשאַפט דאַרף מען זי אייגנטליך צורעכענען: צו דער אַלאָפּאַטיע אָדער צו דער האָמעאָפּאַטיע!

(לוואָוו וויל ענטפערן, נאָר ער מאַכט אַ פאַר צאַכטענדע בעוועגונג און גייט אַוועק).

שאַבעלסקי.

וואָס פאַר אַ פאַרניכטענדער בליק!...

לעבעדיעוו.

די שדים שלעפּן דיך כסדר ביי דער צונג! פאַרוואָס האָסטו אים בעליידיקט?

שאַבעלסקי

(צורייצט).

און פאַרוואָס זאָגט ער ליגנט? שווינדזוכט, ס'איז נישטאָ קיין האָפנונג, זי וועט שטאַרבן... ער לייקט! איך קען דאָס נישט פאַרטראָגן!

לעבעדיעוו.

פאַרוואָס מיינסטו, אַז ער זאָגט ליגנט?

שאַבעלסקי

(שטעלט זיך אויף און גייט איבער דער סצענע).

איך קען זיך נישט פאָרשטעלן דעם ווילדן געדאַנק, אַז אַ לעבעדיקער מענטש זאָל פּלוצלונג, פון דער העלער הויט, נעמען און שטאַרבן... לאָמיר גלייכער וועגן דעם נישט רעדן!...

קאָסיך

(לויפט אריין, העשענדיק).

ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש איז אין דערהיים? זדראַוו־סטוואויטיע! (לויפט שנעל אַרום און דריקט יעדן די האַנט).

באַרקין.

ער איז נישטאָ.

קאָסיך

(זעצט זיך און שפרינגט־אויף).

אויב אַזוי, זייט־זשע מיר געזונט (לויפט־צו, טרינקט־אויס אַ גלעזל בראָנפן און פאַרבייסט שנעל). נו, מען וועט פאָרן ווייטער... אַזוי פיל געשעפטן אויפן קאָפּ!... כ'בין מיד גע'הרג'עט... כ'שטיי קוים אויף די פיס...

לעבעדיעוו.

פון וואַנען האָט אייך דער ווינט געבראַכט?

קאָסיך.

פון באַראַבאַנאָוו'ן. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר געשפּילט אין קאָ־טן און מיר האָבן נאָר־וואָס געענדיקט... (קראַצט זיך אין קאָפּ). כ'האָב פערשפּילט די הויזן... דער דאָזיקער באַראַבאַנאָוו שפּילט ווי אַ ריינער שוסטער! (מיט אַ וויינענדיקער שטימע) הערט נאָר אַ גאַנג: די גאַנצע צייט שפּיל איך רויט... (ווענדט זיך צו באַרקינען, וועלכער שפּרינגט אַוועק פון אים). ער שפּילט שעל און איך ווידער רויט... ער ווידער שעל און איך כסרר רויט... נו, און אָן ליוועיען (צו לעבעדיעוו'ן). מיר איז געבליבן אין די הענט אַ טויז מיט אַ דאַמע מיט אַ ניינטעלע דאָרטן.

לעבעדיעוו

(פערשטאָפּט זיך די אויערן).

שוייג, וואָרום אים ברעך... ע...ע...ע...(קאָפּירט, ווי איינער ברעכט).



קאָסיך

(לויפט צום גראַף).

איר פערשטייט: מיר איז געבליבן אין דער האַנט אַ טויז מיט אַ דאַמע מיט אַ ניינטעלע דאָרטן...

שאַבעלסקי

(שטופט אים אָפּ מיט די הענט).

טשעפּעט אייך אָפּ פון מיר! איך וויל נישט הערן!

קאָסיך

(קריכט אים כסדר אין די אויגן אריין).

און פלוצלונג אַן אומגליק: ער זאָגט „גענוג!" און איך בלייב מיט דער גאָלער טויז אין דער האַנט.

שאַבעלסקי

(כאַפּט פון טיש אַ רעוואָלווער).

שלימזל! דו גייסט אַוועק, וואָרום איך שיס!...

קאָסיך

(מאַכט מיט די הענט).

קוקט זיי נאָר אָן'! אפילו רעדן קען מען שוין מיט זיי נישט... דו וואוינסט, ווי אין אויסטראַליען: נישטאָ קיין געמיינזאַמע אינטערעסן, קיין סאָלידאַריטעט... יעדערער לעבט נאָר פאַר זיך... נו, שוין צייט צו פאָרן (כאַפּט דאָס היטל) די צייט איז טייער... (גיט לעבעדיעוו'ן די האַנט). איך פּאַס!... (אַ געלעכטער).

(קאָסיך גייט אַוועק. קורצע פּויזע. ס'קומען אריין איוואַנאָוו און לוואָוו).

לוואָוו.

איך בעט אייך מיר צו שענקען נאָר פינף מינוט.

לעבעדיעוו.

ניקאָלאַי! (גייט אנטקעגן איוואנאָוון און קושט אים). גוט מאָרגן דיר, פריינד, איך וואַרט שוין אויף דיר אַ גאַנצע שעה.

א וואַנאָוו

(פארביטערט).

מיינע הערן, איר האָט שוין ווידער פון מיין קאַנאַפּעט געמאַכט אַ שענק! טויזנט מאָל האָב איך שוין יעדן פון אייך געבעטן דאָס נישט צו טאָן... (גייט צו צום טיש). נו, שוין. די פּאַפּירן האָט איר בעגאָסן מיט בראָנפן... קרישקעס... אוגערקעס... דאָס איז דאָך אָפּשיילידי!...

לעבעדיעוו.

ענטשולדיג מיר, פריינד. איך דאַרף מיט דיר איבעררעדן וועגן זייער אַ וויכטיקער אַנגעלעגנהייט.

באָרקין.

איך אויך.

לוואָוו.

ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש, צי קען מען מיט אייך רעדן?

איוואַנאָוו.

(אָנווייזנדיק אויף לעבעדיעוו'ן).

אויך אים בין איך נויטיק. וואַרט-צו, מיט אייך וועל איך רעדן דערנאָך... (צו לעבעדיעוו'ן). וואָס?

לעבעדיעוו.

מיינע הערן, איך וויל רעדן וועגן אַן אינטימע זאַך און איך וואָלט אייך געבעטן...



(די סצענע פארלאָזט דער גראַף, נאָך אים באָרקין און צום סוף - לוואָוו).

לעבעדיעוו.

ליבער פריינד... איך ווייס נישט ווי אַזוי כ'זאָל אָנהייבן, אַז ס'זאָל אַרויסקומען נישט אַזוי געוויסנלאָז... איך ווער רויט פאַר שאַנדע, נאָר וואָס קען איך מיר העלפן? דו ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ קנעכט, אַ נעגער, אַ פוסנבענקעלע ביי מיין פערשאָלטן ווייב...

איוואַנאָוו.

וואָס איז אַזוינס פאָרגעקומען?

לעבעדיעוו.

מיין ווייב האָט מיך אַהערגעשיקט... טו מיר אַ טובה און בעצאָל איר די פּראָצענטער! זי האָט מיר שוין דעם טויט געמאַכט. ווער שוין אַמאָל אירע פּטור...

איוואַנאָוו.

דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב יעצט קיין געלט נישט.

לעבעדיעוו.

איך ווייס, נאָר וואָס זאָל איך טאָן? וואַרטן וויל זי נישט און אויב זי וועט פּראָטעסטירן דאָס וועקסל, ווי אַזוי וועל איך און שוראָטשקאַ דיר קענען קוקן אין די אויגן אַריין?

איוואַנאָוו.

ס'קאָסט מיך אַליין געזונט. נאָר וואו זאָל איך נעמען? אדרבא, גיב מיר אַן עצה: וואו? ס'בלייבט מיר נאָר איבער איינס: צוצוואַרטן ביזן הערבסט, ווען איך וועל פערקויפן די תבואה.

## לעבעדיעוו.

(שרייט)

אָבער זי וויל דאָך נישט וואַרטן !

(פּויזע)

## איוואַנאָוו.

(גייט און קלערט)

נו, וואָס העלפט מיר מיין קלערן ?... כ'האָב גאָרנישט וואָס אויפצוטון... כ'האָב שוין נישט וואָס צו פאַרקויפן...

## לעבעדיעוו.

וואָלסט אפשר אַהינגעפאָרן צו מילבאַקן, וואָלסט אים געבעטן, ער איז דאָך דיר שולדיק אַ פאַרמעגן.

(איוואַנאָוו מאַכט האָפּנונגסלאָז מיט דער האַנט)

## לעבעדיעוו.

ווייסטו וואָס, ניקאָלאַי ?... דו וועסט זיך אוודאי אָנהויבן זידלען, נאָר פאַרגעס, אַז איך בין אַן אַלטער שכור און ווייס, אַז איך קען אַמאָל זיין אַן אמתער פריינד... מיר האָבן דאָך ביידע געלערנט אין איין אוניווערזיטעט... (נעמט־אַרויס אַ טייסטער) וויפיל ס'איז דיר נויטיק, נעם ביי מיר... איך האָב דאָ צוואַה־געלדער, וואָס פון זיי ווייסט נישט קיין ילוד־אשה... (נעמט־אַרויס געלד און לעגט אויפן טיש) וואַרף־אַוועק דיין אייגן־ליבע און טו, וואָס מען דאַרף... איך וואָלט ביי דיר גענומען, ערן־וואָרט... (פּויזע) פאָר היינט צו איר אַריבער, גיב איר אַוועק דאָס געלד מיט דיינע אייגענע הענט און זאָל זי דערמיט דערשטיקט ווערן. נאָר זאָל דיך גאָט היטן, אַז זי זאָל דערגיין פון וואַנען דאָס שטאַמט ! אַז נישט וועל איך מעגן אַנטלויפן פון דאַנען (קוקט זיך איין אין איוואַנאָווס פּנים)... נו, נו, מען דאַרף נישט... (נעמט שנעל דאָס געלד פון טיש און לעגט עס אין קעשענע). מען דאַרף נישט!



איך האָב געמאַכט אַ שפּאַס... אַנטשולדיק מיר, איך בעט דיך. (פּויזע. איוואַנאָוו שפּרייזט מוטלאָז איבער דער סצענע). וואָס ביזטו אַזוי־נידערגעשלאָגן ?

## איוואַנאָוו.

דער קאָפּ טוט וויי און כ'קען זיך קיין אָרט נישט גע־פינען.

## לעבעדיעוו.

פאָלג מיך, ניקאָלאַי, און כאַפּ דיך אַביסל אַריבער צו אונז... שוראָטשקאַ ליבט, פאַרשטייט און אַכטעט דיך... זי איז אַ גוטער ערלעכער מענטש. אַ סך מאָל קוק איך אויף איר און קען נישט פאַרשטיין, פון וואַנען האָט צו מיר, צו אַזאַ גראָב־נאַזיקן שכור, פאַרבלאָנזשעט אַזאַ אוצר. פאָר־אַריבער, שמועס מיט איר אַביסל וועגן קלוגע זאַכן און — דו וועסט זיך אַבי·ל צושטרייען. דאָס איז אַ טרייער, אויפריכטיקער מענטש...

(פּויזע)

## איוואַנאָוו.

(שפּרייזט צורודערט איבער דער סצענע. בלוצלינג שטעלט ער זיך אָפּ, זיך צו־האַלטנדיק מיט דער רעכטער האַנט ביים קאָפּ)

פרייגד ! (שטעלט אָפּ לעבעדיעוון) וואָס איז מיט מיר געוואָרן ?

## לעבעדיעוו.

איך האָב אַליין דיך געוואָלט פרעגן וועגן דעם, נאָר ס'איז מיר געווען נישט באַקוועם. פון איין זייט האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דו פאַלסט אונטער דער לאַסט פון פאַר־שידענע אומגליקן און פון דער צווייטער זייט, ווייס איך, אַז דו געהערסט צו די, וועלכע מען קען מיט קיין טראַגישער איבערלעבונג נישט באַזיגן... דאָס איז עפּעס אַן אַנדערע זאַך, און וואָס אייגנטלעך, ווייס איך נישט....

# איוואַנאָוו.

איך פאַרשטיי מיך אַליין נישט (פויזע). איך האָב אַמאָל געהאַט אַן אַרבייטער. סעמיאָן האָט ער געהייסן. אַמאָל בעתן דרעשען האָט ער זיך געוואָלט באַרימען פאַר די יונגע פויערטעס מיט זיין „קראַפט”, האָט ער אַרויפגעוואָרפן אויף זיין רוקן צוויי זעק קאָרן און באַלד האָט זיך ביי אים אינוועניק עפּעס איבערגעריסן. אין אַ קורצע צייט אַרום איז ער געשטאָרבן. מיר דאַכט זיך, אַז ביי מיר האָט זיך אויך עפּעס איבערגעריסן. דאָס גימנאַזיום, דער אוניווערזיטעט, דערנאָך די ווירטשאַפט, שולן, פּלענער, פּראָיעקטן... כ'האָב געגלויבט נישט ווי אַלע, כ'האָב חתונה געהאַט נישט ווי אַלע, כ'האָב זיך ענטוזיאַזמירט, ריזיקירט, מיין געלט האָב איך געוואָרפן אויף רעכטס און אויף לינקס, בין געווען גליקלעך און געליטן, ווי קיינער נישט אין דער גאַנצער געגנט. אָט דאָס, פריינד, זענען מיינע זעקלעך... כ'האָב אַרויפגעוואָרפן אויף מיין רוקן אַ לאַסט און דער רוקן האָט זיך איבערגעשפּאָלטן... (פויזע. שפּרייזט אויפגערעגט און רעדט, ווי צו זיך אַליין). און יעצט בין איך דערגאַנגען צו אַ צושטאַנד, ווען איך פאַראַכט זיך אַליין! איך האַס טיף מיין שטימע, מיינע טריט און מיינע געדאַנקען. ס'איז נאָך קיין יאָר נישט אַריבער, ווי איך בין געווען געזונט און שטאַרק, אונערמידלעך-אַרבייטסזאַם און ענטוזיאַסטיש; איך האָב גערעדט אַזוי, אַן איך האָב גערירט ביז טרערן די אונוויסנדסטע מענטשן, כ'האָב געקענט וויינען, ווען כ'האָב געזעען אַן אומגליק; כ'האָב געקענט צערנען, ווען כ'האָב געזעען שלעכטס. כ'האָב געוווסט, וואָס עס איז אַזוינס באַגייסטערונג, כ"האָב איינגעזויגן אין זיך די פראַכט און די פּאָעזי פון די שטילע נעכט. איך האָב געגלויבט און געקוקט אין דער צוקונפט, ווי אין די אויגן פון אַ געטרייער לייבלעכער מוטער... און יעצט,—אָ גאָט!—בין איך מיד, גלויב אין קיין שום זאַך נישט, דריי זיך אַרום פוסט־און־פּאַס די טעג און די נעכט. מיין מוח, מיינע הענט און מיינע פיס זענען מיר געוואָרן אונגעהאָרזאַם. דאָס גוט גייט צו



גרונד און די וועלדער ברעכן זיך אונטער דער האַק (ער וויינט) מיין ערד קוקט אויף מיר, ווי אַ יתום. איך האָף אויף קיין זאַך נישט, קיין זאַך באַדויער איך נישט, נאָר די נשמה ציטערט פון שרעק פאַרן מאָרגנדיקן טאָג... (לעבעדיעוו שאָקלט מיטן קאָפּ און ווישט זיך פון צייט צו צייט די טרערן). און די געשיכטע מיט סאַראַן? כ'האָב איר געשוואוירן אייביקע ליבע, כ'האָב איר נביאות געזאָגט גליק, כ'האָב אויפגעוויקלט פאַר אירע אויגן אַ צוקונפטס-פּערספּעקטיוו, וועלכע זי האָט נישט געזעען אפילו אין חלום. זי איז געווען ווי אַ קינד אונבעפלעקט און נאַאיוו און האָט מיר יעדעס וואָרט געגלויבט. אין די גאַנצע פינף יאָר האָב איך נור געזעען, ווי זי גייט־אויס, ווי אַ ליכט, אונטער דער שווערער לאַסט פון די קרבנות, וואָס זי האָט פאַר מיר געבראַכט, ווי זי ווערט מאַכטלאָז אינם קאַמף מיט איר געוויסן און דאָך בין איך ביי איר געבליבן אונבערירט, ווי אַ הייליגטום: קיין איין קרומער בליק, קיין איין פאָרוואורפסוואָרט!... און וואָס? פּלוצלינג איז זי מיר פרעמד געוואָרן... איך ליב זי נישט מער... ווי אַזוי?... פאַרוואָס?... איך פאַרשטיי עס נישט... אָט ליידט זי, די טעג אירע זענען געציילט און איך, ווי דער לעצטער פּחדן, אַנטלויף פון איר בלייך געזיכט, פון איר איינגעפאַלענער ברוסט, פון אירע בעטנדיקע אויגן... (פויזע). וואָס איז פון מיר געוואָרן? מיין אַלטער פריינד! אין וואָס פאַר אַן אָפּגרונד ווער איך געשטויסן?... (כאַפּט זיך פּלוצלינג אויף, ווישט זיך אויס די אויגן מיט אַ טיכל, באַמערקט טרערן ביי לעבעדיעוון אין די אויגן). אַך, מיין ליבער זקן! וואָס האָב איך נאָך פון דיר געוואָלט? (ווישט אים די טרערן פון די אויגן מיט זיין טיכל) נו, גענוג דיר צוברעכן דאָס האַרץ. גיי, הייטער דיך אַ ביסל אויף אויף דער פרייער לופט און מיך לאָז יעצט אַליין.

(גיט לעבעדיעוון די האַנט און פירט אים צו דער טיר. לעבעדיעוו געזעגנט זיך מיט אים שווייגנדיק און גייט אַוועק. פויזע).

## לוואָוו

(קומט אַריין).

איך דאַרף זיך מיט אייך דורכשמועסן, ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש. ווילט איר מיך אויסהערן?

## איוואַנאָוו.

איך הער אייך אויס יעדן טאָג און ביז יעצט קען איך אַלץ נישט פאַרשטיין וואָס אייגנטלעך איר פאַרלאַנגט פון מיר?

## לוואָוו.

איך רעד קלאָר און באַשטימט און עס קען מיך נישט פאַרשטיין נאָר דער, וואָס האָט קיין האַרץ נישט...

## איוואַנאָוו.

איר ווילט מיר זאָגן, אַז מיין ווייב האַלט ביי שטאַרבן? איך ווייס עס; אַז איך בין אונפאַרצייליך זינדיק געגן איר? — איך ווייס עס אויך; אַז איר זענט אַן ערלעכער און אַ ריינער מענטש? — איך ווייס עס אויך. וואָס זשע נאָך ווילט איר פון מיר?

## לוואָוו.

מיך דערשלאָגט די מענטשלעכע גרויזאַמקייט... עס שטאַרבט אַ פרוי. זי האָט אַ פאָטער און אַ מוטער, וועלכע זי ליבט און וואָלט געוואָלט כאָטש נאָך איין מאָל זעען פאַרן טויט; זיי ווייסן אויסגעצייכנט, אַז זי וועט קירצלעך שטאַרבן און אַז זי ליבט זיי נאָך אַלץ, אָבער פאַר זיי איז זי אַלס קינד שוין לאַנג אַ געשטאָרבענע און זיי אינטערעסירט נישט מער איר גורל. איר זענט דער מענטש, פאַר וועלכן זי האָט געאָפּפערט אַלץ — איר פאַמיליען־נעסט, איר געוויסנס־רו, איר קינדער-ליבע, מיט איין וואָרט: די טייערסטע אוצרות פון דער מענטשלעכער נשמה און דאָך ערלויבט איר זיך יעדן טאָג פראַנק־און־פריי



צו פאָרן צו די דאָזיקע לעבעדיעווס. און ס'איז דאָך פאַר קיינעם קיין סוד נישט מיט וואָס פאַר אַ צוועקן איר פאָרט אַהין.

## איוואַנאָוו.

אַך, איך בין דאָך שוין דאָרט צוויי וואָכן נישט געוועזן..

## לוואָוו

(הערט איהם נישט).

מיט אַזעלכע מענטשן, ווי איר, דאַרף מען רעדן גלייך, אָן דיפּלאָמאַטישער איידלקייט, און אויב ס'איז אייך נישט אָנגעלייגט מיך צו הערן, הערט מיך נישט. איך בין געוואוינט אָנצורופן זאַכן מיט זייער אמתן נאָמען... אייך איז נויטיק דער טויט פון אייער פרוי צוליבן דערגרייכן נייע ערפאָלגן אין אייער לעבן; מילא, זאָל זיין אַזוי. נאָר צי וואָלט איר דען נישט געקענט צו-וואַרטן? אויב איר וואָלט אייער פרוי געלאָזט שטאַרבן אויף אַ נאַטירלעכן אופן, אויב איר וואָלט איר ענטגילטיג נישט דערשלאָגן מיט אייער אָפענעם ציניזם, וואָלט דען די דאָזיגע לעבעדיעוואַ מיט איר נדן פון אייך פאַרשווינדן? אפילו אין אַ יאָר אַרום וואָלט איר דאָך אויך געקענט בעוויזן צו פערדרייען איר דעם קאָפּ און אַרויסצובאַקומען איר נדן פונקט אַזוי גוט, אַזוי ווי יעצט... וואָס זשע אײַלט איר זיך אַזוי? וואָס זשע גייט אייך אַזוי אין לעבן, אַז אייער פרוי זאָל שטאַרבן אָט שוין, און נישט אין אַ חודש, אין אַ יאָר, אַרום?

## איוואַנאָוו.

ווי קומט מען איבער די אינקוויזיציע!... איר זענט אַ צו־שלעכטער דאָקטאָר, אויב איר בעהויפּטעט, אַז אַ מענטש קען זיך בעהערשן ביז דער אונענדליכקייט. ס'קאָסט מיך שרעקליכע אָנשטרענגונגען, נישט צו ענטפערן אייך אויף אייערע בעליידיגונגען.

**לוואָוו.**

וואָס טויגן מיר די נאַרישקייטן? וואַרפט אַראָפּ אייער מאַסקע!

**איוואַנאָוו.**

וואָס פאַר אַ קלוגער מענטש איר זענט! לויט אייך קומט אויס, אַז ס'איז נישטאָ קיין גרינגערע זאַך, ווי מיך צו פאַרשטיין, האַ? איך האָב חתונה געהאַט מיט אַניאַן, כּדי צו באַקומען אַ גרויסן נדן... נישט באַקומענדיק קיין נדן בין איך געוואָרן ענטטוישט און שטויס זי יעצט אַראָב פון דער וועלט, כּדי חתונה צו האָבן אַ צווייט מאָל און שוין יאָ צו באַקומען נדן?... האַ? ווי איינפאַך און נישט־קאָמפּליצירט!... דער מענטש איז אַזאַ פּשוטע און נישט־קונציקע מאַשין... ניין, דאָקטאָר, אין יעדן פון אונז זענען דאָ צופיל רעדעלעך און שרייפעלעך, אַז מיר זאָלן קענען אורטיילן איינער וועגן צווייטן לויטן ערשטן איינדרוק אָדער לויט צוויי־דריי אויסערלעכע סימנים. איך פאַרשטיי אייך נישט, איר פאַרשטייט מיך נישט און אַליין פאַרשטייען מיר זיך אויך נישט. מען קען זיין אַן אויסגעצייכנטער דאָקטאָר און אין דערזעלבער צייט אַבסאָלוט נישט קענען קיין מענטשן.

**לוואָוו.**

צי מיינט איר ווירקליך, אַז איר זענט אַזוי נישט־דורכזיכטיק און אַז איך האָב אַזוי ווייניק מח, דאָס איך קען נישט אונטערשיידן קיין געמיינהייט פון קיין ערליכקייט?

**איוואַנאָוו.**

(בייז).

דאָס לעצטע מאָל פרעג איך אייך און ענטפערט מיר, כּ'בעט אייך, אָן הקדמות: וואָס פאַרלאַנגט איר פון מיר? וואָס פּייניקט איר מיך? (אויפגערעגט) און מיט וועמען האָב איך די



עהרע צו רעדן: מיט מיין פּראָקוראָר, אָדער מיטן דאָקטאָר פון מיין פרוי?

**לוואָוו.**

איך בין אַ דאָקטאָר און, אַלס דאָקטאָר, פאָדער איך, אַז איר זאָלט ענדערן אייער אויפפירונג, וואָרום איר ערמאָרדעט אַננאַ פּיעטראָווּנאַן!

**איוואַנאָוו.**

נו, וואָס זאָל איך טון? אויב איר פאַרשטייט מיך בעסער, ווי איך אַליין פאַרשטיי זיך, טאָ זאָגט מיר קאָנקרעט: וואָס האָב איך צו טון?

**לוואָוו.**

ווייניגסטענס נישט צו ווירקן אַזוי אָפן.

**איוואַנאָוו.**

אָ, גאָט מיינער! (טרינקט וואַסער). פאַרלאָזט מיך! איך בין טויזנט מאָל שולדיק, איך וועל ענטפערן פאַר גאָט און אייך האָט קיינער נישט בעפולמעכטיקט מיך יעדן טאָג צו פּייניקן...

**לוואָוו.**

און ווער האָט אייך בעפולמעכטיקט צו באַליידיקן אין מיר מיין אמת? איר האָט פערפּייניקט און פערגיפטעט מיין נשמה. ביז איך בין אַריינגעפאַלן אין דער דאָזיקער געגנט, האָב איך בעהויפּטעט, אַז ס'זענען דאָ מענטשן נאַרישע, נישט־אָריגינעלע, וואָס גייען שטענדיק מיטן שטראָם, אָדער משוגעים, אָבער כ'האָב זיך קיינמאָל נישט געקענט פאָרשטעלן אַ טיפּ פון אַ מענטש, וואָס זאָל זיין פון דער נאַטור אַ פערברעכער. איך האָב געאַכטעט און געליבט די מענטשן, נאָר ווען איך האָב דערזעען אייך...

איוואַנאָוו.

איך האָב דאָס שוין געהערט !

לוואָוו.

איר האָט עס שוין געהערט ? (דערזעענדיק די אַרײַנקומענדיקע סאַשאַ. זי איז געקליידעט ווי אַן אַמאַזאָנקע). ערשט יעצט פערשטייען מיר אויסגעצייכנט איינער דעם צווייטן (הייבט מיט די אַקסלען און גייט אַוועק).

איוואַנאָוו

(דערשראָקן).

שוראָטשקאַ, דאָס ביזט דו ?

סאַשאַ.

יאָ, איך. גוט מאָרגן דיר (גיט אים די האַנט). האָסט מיך נישט ערוואַרטעט ? פאַרוואָס ביזט דו אַזוי לאַנג נישט געווען ביי אונז ?

איוואַנאָוו.

שוראָטשקאַ, אום גאָטעס ווילן — דאָס איז זייער אונ־פאָרזיכטיק ! דיין אַהערקומען קען ווירקן שרעקליך אויף דער פרוי.

סאַשאַ.

זי וועט מיך נישט זען. איך בין געקומען דורך דער קיך און כ׳וועל באַלד אַוועקפאָרן. איך בין באַאונרוהיקט : צי ביזט דו געזונט ? פאַרוואָס ביזט דו אַזוי לאַנג נישט געקומען צו פאָרן ?

איוואַנאָוו.

די פרוי איז אויך אָן דעם בלוטיק באַליידיקט, זי איז



אין צ שטערבליכן צושטאַנד, און דו קומסט צו פאָרן אַהער. דאָס איז לייכטזיניג און אונמענטשליך !

סאַשאַ.

וואָס זשע האָב איך געקענט טון ? דו ביזט צוויי וואָכן שוין ביי אונז נישט געווען און האָסט נישט געענטפערט אַ וואָרט אויף מיינע בריוו. איך האָב נישט געוווסט וואָס אי־בערצוקלערן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דו ליידסט דאָ אונ־ערטרעגליך, אַז דו ביזט קראַנק, אַז דו ביזט בעגאַנגען אַ זעלבסטמאָרד... קיין איין נאַכט האָב איך נישט געקענט דורכ־שלאָפן רוהיק. כ׳וועל באַלד אַוועקפאָרן. זאָג מיר כאָטש : צי ביזט דו געזונט ?

איוואַנאָוו.

ניין, איך בין קראַנק. מען פייניקט מיך פון אַלע זייטן אָן אויפהער און אַליין האָב איך זיך שוין באַלד דעם טויט געמאַכט מיט מיינע פאָרוואורפן ! שוראָטשקאַ, ווי אַ שווערער שטיין פרעסט מיין האַרץ און כ׳האָב שוין נישט קיין כח אי־בערצוטראָגן דאָס בעוואוסטזיין ווי זינדיק איך בין, ווי זינדיק !

סאַשאַ.

ווי קינדיש דו רעדסט ! אַזוי זינדיק ביזט דו ? מיט וואָס האָסטו זיך אַזוי פערזינדיקט ? אדרבא, זאָג : מיט וואָס ?

איוואַנאָוו

איך ווייס נישט, איך ווייס נישט...

סאַשאַ.

דאָס איז קיין ענטפער נישט. יעדער פערברעכער דאַרף דאָך וויסן, אין וואָס עס בעשטייט זיין שולד. האָסט געמאַכט פאַלש געלד, צי וואָס ?

### איוואַנאָוו.

דאָס איז נישט שאַרפּזיניק

### סאַשאַ

דו האָסט זיך פערזינדיקט דערמיט, וואָס דו האָסט אויפגעהערט צו ליבן די פרוי? אָבער דער מענטש איז דאָך נישט קיין הערשער איבער זיינע געפילן. דו האָסט נישט געוואָלט אויפהערן צו ליבן, אָבער וואָס האָסטו דיר געקענט העלפן? ביזט דו דען שולדיג אין דעם, וואָס זי האָט געזען, אַז איך האָב זיך דיר ערקלערט אין ליבע? דו האָסט דאָך נישט געוואָלט, אַז זי זאָל עס זען...

### איוואַנאָוו.

(איבערשלאָגענדיק).

און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער... געליבט, אויפגעהערט צו ליבן, נישט קיין הערשער איבער די געפילן — דאָס זענען אַלץ אַלגעמיינע אויסגענוצטע פראַזן, מיט וועלכע דו וועסט אָבער גאָרנישט העלפן... (פּויזע). אַך, וואָס פאַר אַ ווילדער צאָרן צורייסט מיר מיין ברוסט. איך פיל אינסטינקטיוו, אַז מיין היינטיגע אָנשטרענגונג וועט זיך ענדיקן מיט עפּעס שרעקליכעס... אָדער איך וועל עפּעס צוברעכן, אָדער...

### סאַשאַ.

אָ, דאָס טאַקע איז דיר נויטיק. צוברעך עפּעס, צושטער און צושריי זיך אויפן קול. דו ביזט אויף מיר בייז, וואָס איך האָב זיך ענטשלאָסן אַהער צו קומען? נו, רעג זשע זיך אויף, שריי אויף מיר, באַליידיק מיך. נו? הויב־אָן צו ווערן בייז... (פּויזע) נו?

### איוואַנאָוו.

דו ביזט אַ לעכערליכע.



### סאַשאַ.

אויסגעצייכנט! מיר האָבן, דאַכט זיך, נור געשמייכלט! און איך האָב פיינט דעם קאַלטן צו גאָרנישט פערפליכטענדן שמייכל! אָדער זיי גוט און לאַך אָדער זיי בייז און שריי... (פּויזע) איר, מענער, זענט נישט קאָנסעקווענט אין דער ליבע. איר זענט שטענדיג פאַריאָגט מיט אייערע געשעפטן און דערום איז ביי אייך די ליבע אויפן דריטן פּלאַן. כאַפּן אַ שמועס מיט אַ פרוי, דורכשפּאַצירן זיך מיט איר אין גאָרטן, אַנגענעם פאַרברענגען די צייט, אויף איר קבר געבן אַ וויין — אָט דאָס איז אַלץ. ביי אונז, פרויען, אָבער איז ליבע — לעבן. איך ליב דיך, הייסט עס, אַז איך טרוים ווי אַזוי דיך אויסצוהיילן פון דיין מרה-שחורה, ווי אַזוי צו גיין מיט דיר אין עק וועלט... קלעטערסטו אויף אַ באַרג, בין איך אויך אויפן באַרג; פאַלסטו אין אַ גרוב, וואַרף איך זיך מיט אין דעם גרוב... די ליבע פאָדערט קאָנסעקווענץ!.. און אויב מען באַגעגנט צוימען און גרענעצן אויפן וועג טאָר מען זיך נישט אָפּשטעלן. וואָס מער שוועריגקייטן — וואָס טיפער דער תהום, — אַלץ שטאַרקער די ליבע.

### איוואַנאָוו.

מיין שיין מיידל — ווי אַמוזאַנט דו ביזט! ביי מיין היינטיקער שטימונג האָסטו מיך דאָך געקענט צווינגען אויסצוהערן געדולדיק דיין נאַאיווע מיידלשע פילאָזאָפיע. אַ מערקווירדיקע זאַך: אַ נאַאיווער מאַנספּאַרשוין איז אַ בהמה און איר פרויען קענט די קונץ צו פאַרוואַנדלען אייער נאַאיוויטעט אין עפּעס אַזוינס, וואָס איז אי ליב, אי וואַרעם, אי צוציהענד... (קוקט איר אין די אויגן און לאַכט). בו—בו—ו!... נו, אַנטלויף, סאַשאַ! מיר האָבן זיך פערגעסען...

### סאַשאַ.

יאָ, שוין צייט אַוועקצוגיין. איך האָב מורא, אַז דיין ערלעכער דאָקטאָר זאָל נישט פאַרמסרן פאַר אַננאַ פּיעטראָוונאַ,

אַז איך בין דאָ דאָ. און יעצט גיי אַריין צו דיין פרוי און זיץ ביי איר! אויב דו ווערסט דאַרפן זיצן אַ יאָר — זיץ אַ יאָר! אויב צען — זיץ צען! ערפיל דיין חוב לגבי איר!

(באָרקין קוקט אריין אין דער טיר)

באָרקין.

ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש! מען קען אַרייַנגיין? (דערזעענ־דיג סאשאן). ענטשולדיקט, איך זע נישט... (גייט אריין). באָן זשור!

(נייגט זיך).

סאשא

(צעאומרוהיקט).

גוט מאָרגן.

באָרקין.

איר זענט געוואָרן פולער, שענער.

סאשא.

אַלזאָ, גיי איך אַוועק, ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש... איך ווידערזען.

(גייט אוועק)

באָרקין.

אַ וואונדערליכע וויזיע! איך בין געגאַנגען נאָך פּראָזע און האָב זיך אָנגעשטויסן אויף פּאָעזיע... (זינגט): „דו האָסט זיך באַוויזן, ווי אַ פייגעלע אין פרימאָרגן“...

(איוואַנאָוו שפּרייזט אויפגערעגט איבער דער סצענע)



באָרקין

(זעצט זיך).

אין איר, ניקאָלאַי, איז דאָ עפעס אַזעלכעס, וואָס איז נישט דאָ אין אַנדערע. נישט אמת? עפעס בעזונדערעס... פאַנ־טאַסמאַגאָרישעס... (זיפצט). און ווירקליך איז זי דאָך די רייכ־סטע כלה אין דער גאַנצער געגנט, נאָר דאָס מאַמעלע אירס איז אַזאַ מין רעטאַך, אַז קיינער וויל זיך מיט איר נישט משדך זיין. דער אַלטער רעטאַך וועט דאָך אָבער אייביק נישט לעבן און נאָך איר טויט וועט דאָס גאַנצע פאַרמעגן פאַרבלייבן ביי שוראָטשקאַן... און אויך ביזן טויט וועט זי געבן אַ שיינע מטבע און ס'וועט זיין אַ ווייב און געלד און אַלע גוטע זאַכן, כאַ—כאָ—כאַ... (זוכט אין די קעשענעס) איר וועט רויכערן אַ ציגאַר דע־לאָס־מאַכאַראָס? איר ווילט נישט? (ציט אויס דעם פּאָרטסיגאַר) אויסגעצייכנטע ציגאַרן... וואָס לאָזט איר זיך אַזוי לאַנג בעטן?...

איוואַנאָוו.

(לויפט־צו צו באָרקינען, ציטערנדיק פון אויפרעגונג)

די מינוט זאָל אייער פוס נישט מער זיין אין מיין הויז! אָבער די מינוט! (באָרקין שטעלט זיך אויף און לאָזט אַראָפּ דעם פּאָרט־סיגאַר, די ציגאַרן צושיטן זיך איבער דער פּאָדלאָגע).

איוואַנאָוו.

פּאַשאָל וואָן,—די מינוט!

באָרקין.

ניקאָלאַי, וואָס זאָל דאָס בעדייטן? וואָס בייזערט איר זיך?

איוואַנאָוו.

מיט וואָס פאַר אַ טאָן רעדסטו מיט מיר, דו באָלוואַן?

דו האָסט צוזאַמען מיט מיר חזירים געפּאַשעט? און פון וואַנען האָסט דו די ציגאַרן? דו מיינסט, אַז איך ווייס נישט וואוהין און צו וועלכן צוועק דו שלעפּסט יעדן טאָג אַוועק דעם גראַף?

### באָרקין

(הויבט מיט די אַקסלען).

וואָס איז דאָס אייער עסק?

### איוואַנאָוו.

דיינע נידערטרעכטיגע פּלענער, וועגען וועלכע די גאַנצע געגנט רעדט, האָבן מיר געמאַכט אַ נאָמען פון אַן אונערליכע מענטש! מיר האָבן גאָרנישט קיין געמיינזאַמעס און איך פאָדער, אַז דו זאָלסט די מינוט פערלאָזן מיין הויז!

(גייט שנעל).

### באָרקין

(קריכט איבער דער פּאָדלאָגע און קלויבט די ציגאַרן).

איך ווייס, אַז דאָס אַלץ רעדט איר, ווייל איר זענט איפגערעגט און דערפאַר בין איך נישט בייז אויף אייך. באַ-ליידיקט, וויפיל איר ווילט... און די מעלאַנכאָליע איז שוין צייט אַוועקצוואַרפן. איר זענט נישט קיין גימנאַזיסט...

### איוואַנאָוו.

וואָס האָב איך דיר געזאָגט? (ציטערנדיק). דו שפּילסט זיך מיט מיר!

(ס'קומט אַריין אַננאַ פּיעטראָוונאַ. זי גייט אַנגעלעהנט אויף אַ שטעקן, איז שטאַרק בלייך, עטעמט שווער און הוסט אָפט. זי איז בעקלידעט אין שטאַרקן נעגליזש און מען דערקענט, אַז זי האָט זיך ספּעציעל אויפגעהויבן פון קראַנקן־בעט, אַנשטרענ־גענדיק אַלע קרעפטן, כדי צו האָבן דעם געשפּרעך מיט איוואַנאָוון).



### באָרקין

(גייענדיק צו דער טיר, ווי צו זיך אַליין).

זיין גליק, וואָס אַננאַ פּיעטראָוונאַ איז געקומען... אַז נישט וואָלט איך אים געוויזן...

(גייט אַוועק).

(איוואַנאָוו שטעלט זיך אַוועק לעבן טיש און שטייט, אַראָפּהענגענדיק דעם קאָפּ).

### אַננאַ פּיעטראָוונא

(נאָך אַ פּויזע)

צו וועלכן צוועק איז זי דאָ אַהער געקומען? (פּויזע). איך פרעג דיך: צו וועלכן צוועק?

### איוואַנאָוו.

פרעג נישט, אַניוטאַ... (פּויזע). איך בין טיף זינדיק. קלער אויס וואָס פאַר אַ שטראָף דו ווילסט, איך וועל אַלץ איבערטראָגן, נאָר... פרעג נישט... איך בין נישט אימשטאַנד צו רעדן.

### אַננאַ פּיעטראָוונא

(בייז).

צו וואָס איז זי דאָ געווען? (פּויזע). ערשט יעצט פאַר-שטיי איך דיך. ענדליך זע איך, וואָס פאַר אַ מענטש דו ביזט! דו ביזט עהרלאָז, עגאָאיסטיש, גראָשנדיג־קליינליך און געמיין!... דו געדענקסט, ווי דו ביזט צו מיר געקומען און מיר פערבלענדעט די אויגן מיט די שקרים וועגן דיין ליבע?... איך בין געווען נישט־ערפאַרן, נאַאיוו און האָב דיר געגלויבט... איך האָב אַוועקגעוואָרפן מיין גוטן טאַטן, מיין ליבע מאַמע, מיין אַלטן גרויסן גלויבן און כ'בין געגאַנגען אין דעם אָפּ־גרונט, וואוהין דו האָסט מיך פאַרפירט... דו האָסט מיך פאַר־

שכורס מיט דיין געשליפענער ליגנער־צונג, מיט דיין שלאַנגען-פאַלשער שפּראַך,—און איך האָב געגלויבט יעדעס וואָרט...

### איוואַנאָוו.

אַניוטאַ, איך האָב דיר קיינמאָל קיין ליגנט נישט געזאָגט...

### אַננאַ פּיעטראָונאַ.

וואָס האָסטו פון מיר געוואָלט? פאַרוואָס האָסטו מיין יונג לעבן צוּבּראָכן מיט אַזאַ ווילדער קאַלטקייט, ווי מען צוּבּרעכט אַ ווערטלאָז שטיקל האָלץ? איך בין געווען רייצענד-שיין, רייך און געבילדעט, מיין בליק איז געווען אַ בעפעל, מיין שמייכל איז פאַר פיל געווען אַן אידעאַל—און וואָס האָסטו פון מיר געמאַכט? (וויינט). איך האָב מיט דיר געלעבט פינף יאָר, האָב זיך געמאַטערט און געקרענקט און האָב קיין איין מינוט דיר נישט אויפגעהערט צו טרויען... דו ביזט געווען מיין אָפּגאָט... און וואָס? די גאַנצע צייט האָסטו מיך גענאַרט אויפן פּרעכסטן אופן...

### איוואַנאָוו.

אַניוטאַ, דאָס איז נישט אמת. איך בין באַגאַנגען פעלערן — דאָס יאָ! איך האָב אָבער קיין איין מאָל אין לעבן קיינעם נישט גענאַרט... אין דעם זאָלסטו נישט וואַגן מיר פאָרצוּוואַרפן...

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ

נישטאָ שוין קיין זאַך, וואָס איך זאָל נישט וואַגן! נישטאָ מער קיין צענזור! קיין שלאָס, פאַר מיין מויל... איך האָב זיך שוין גאַליק-ביטער ענטטוישט אין אלע האָפנונגען, וואָס איך האָב אויף דיר געלייגט... איך האָב זיך נאאיוו איינגערעדט, אז



דו האָסט אָדלער-פליגל און האָב זיך צו מיין שווידערליכער שרעק איבערצייגט, אז דו ביזט נישט מער ווי א קריכנדיקער געלד-גייציקער וואָרם... וואָס איז פאַר דיר א צוּבּראָכן מענטשלעך לעבן? וואָס זענען פאַר דיר א־בערמענטשלעכע אָפּפער? וואָס איז פאַר דיר גרענעצלאָזע ליבע? — דו שפּרייזט-אַריבער איבער די דאָזיקע „נישטיק־טן” מיט אַ ציניש שפּיי און זוכסט דיר אויס אַזעלכע „אידעאַלן”, וואָס „לוינען” דיר בעסער!.. יאָ, איצט פאַרשטיי איך שוין אַלץ!.. דו האָסט מיט מיר חתונה געהאַט, ווייל דו האָסט געמיינט, אַז מיינע עלטערן וועלן מיר פאַרצייען און וועלן מיר געבן געלט... אַ סך געלט...

### איוואַנאָוו.

אָ, גאָט מיינער! אַניוטאַ, דו פּייניקסט מיך אָן רחמנות!

(וויינט)

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ

(מיט פאַראַכטונג).

שווייג! ווען דו האָסט געזען, אַז קיין געלט באַקומסטו נישט, בין איך דיר מיט אַמאָל געוואָרן אויס אינטערעסאַנט און דו האָסט אָנגעהויבן צו זוכן אַזאַ „ליבע”, וואָס זאָל זיין מער „פּראַקטיש”... איצט פאַרשטיי איך אַלץ!... (וויינט און הוסט) דו האָסט מיך קיינמאָל נישט געליבט און ביזט מיר קיינמאָל טריי נישט געווען!.. קיינמאָל נישט!..

### איוואַנאָוו.

סאַראַ, דאָס איז ליגנט!.. זאָג וואָס דו ווילסט, נאָר באַליידיק מיך נישט מיט קיין ליגנס!..

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ

(וויל אים נישט הערן).

דו ביזט אַן עהרעלאָזער נידריקער מענטש!.. דו ביזט

שולדיק לעבעדיעוון געלט און כדי פטור צו ווערן פון חוב ווילסטו פאַרדרייען דעם קאָפּ זיין טאָכטער, אָפּנאַרנדיק זי פונקט אַזוי גוט, ווי מיך... איז דאָס אויך נישט אמת?...

### איוואַנאוו

(ציטערנדיק פון אויפרעגונג).

שווייג, אום גאָטעס ווילן!.. איך בין פאַר זיך נישט פאַראַנטוואָרטלעך... מיך שטיקט דער צאָרן און איך... איך קען דיך באַליידיקן...

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ

(איראָניזירנד).

באַליידיקן? און אַז דו האָסט זיך די גאַנצע צייט צו מיר באַצויגן ערגער, ווי צו אַ הונט, האָסטו אַמאָל געפּרובט געבן אַ טראַכט, אַז מיין האַרץ קען מיר פּלאַצן פון באַליידי-קונג? אַזוי פּאָרזיכטיק ביזטו פּלוצלונג געוואָרן, זאָלסט מיך, חלילה, נישט באַליידיקן? (כאַפּט אַראָפּ פון דער וואַנט אַ שנייד־מעסער און שטופּט אים אין האַנט). נאַ, שנייד פון מיר לעבעדיקערהייט דאָס פלייש, וועט דאָך נישט רינען פון מיר אַזוי פיל בלוט, וויפיל דו האָסט ביי מיר יעדן טאָג סיסטעמאַטיש געצאַפּט... (פּויזע) שטענדיק האָסטו מיך פרעך פאַרראַטן... פרעך, ציניש און גע-מיין!..

### איוואַנאָוו.

סאַראַ, שווייג זאָג איך דיר, גיי אַוועק פון מיר מיט גוטן, וואָרום כון מיין צונג וועט זיך אַראָפּרייסן עפּעס אַ שרעק-לעך וואָרט... ס׳וועט געשעען עפּעס אַזוינס, וואָס וועט דיך בלוטיק באַליידיקן... (שריים) שווייגן זאָלסטו, זשידאָווקאַ!..



### אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

איך קען מער נישט שווייגן... צופיל האָסטו מיך גענאַרט און באַשפיגן, אַז איך זאָל נאָך קענען שווייגן!.. אין מיר קומט איצט פאַר אַן עקספּלאָזיע פון מיין לאַנג־געפּרעסטן צאָרן, אַ װאולקאַן־אויסברוך פון מיינע דערשטיקטע פּראָטעסט־געפילן... (פּויזע). און מיט וואָס קענסטו מיך דען אייגנטלעך אָפּשרעקן? וואָס קענסטו מיר נאָך טון מער, ווי דו האָסט מיר שוין גע-טון? ועסט מיך אפשר פאַרסמען, דערשטיקן? איך ווייס, אַז דו ביזט אויך אויף דעם פעהיק, אָבער איך שרעק זיך טויזנט מאָל מער פאַר מיין ווייטערדיק לעבן, ווי פאַר מיין טויט, וואָס וועט מיך ענדלעך אויסלייזן פון אַלע מיינע ברענענדיקע ליידן (כאַפּט פון טיש אַ רעוואָלווער און שטופּט אים אין האַנט). אדרבא, דערשיס מיך איין מאָל פאַר אַלע מאָל! אין דיינע אָדערן פליסט דאָך אַדעל-בלוט! צי איז דען נישט ריטערלעכער מיט אַמאָל אומצוברענגען אַ מענטש, ווי טראָפּנווייז ביי אים אויסצוצאַפּן זיין בלוט? דערהרגע מיך מיט אַמאָל, וועסטו זיך דאָך גלייך אומגעשטערט קענען וואַרפן אין די אָרעמס פון דיין (אַקצענטירט סאַרקאַסטיש) פריש־צאַפּלדיקער געליבטער...

### איוואַנאוו.

דו טרעסט מיט די פיס מיין עהרע... ערלויבסט זיך אַזעלכעס, וואָס קיינער האָט זיך נאָך ביז דיר נישט ערלויבט...

### אַננאַ פּיעטראָוונאַ.

און דו רעדסט נאָך וועגן עהרע? ווי וואַגסטו דאָס? ווי קומסט דו צו עהרע?

### איוואַנאוו.

ווייל דו הערסט מיך נישט אויף דורכצושטעכן מיט דיינע ווערטער, ווי מיט שפּיזן, זאָג איך דיר, אַז... דו וועסט... שוין

באַלד שטאַרבן... דער דאָקטאָר האָט מיר געזאָגט, אַז דו מוזסט אין די נאָנטסטע טעג שטאַרבן...

## אננאַ פיעטראָוונאַ

(פאַלט מיד אויף אַ שטול, ווערנדיק נאָך בלייכער און רעדט מיט אַ געפּאַלענער שטים).

ווען האָט ער דאָס געזאָגט? (פויזע. פלוצלינג הויבט זי אָן שרייען מיט היזעריקע ספּאַזמאַטישע קוויטשן, אַלע חילע פאַרהוסטנדיק זיך) און דו טריאומפירסט, האַ? איך וועל שטאַרבן (לאַכט און וויינט) און פאַר דיר וועט זיך עפענען אַ נייער גן־עדן? און דו וועסט ווייטער, ווי אַ פריי־געוואָרענער פויגל, קענען זינגען דיין ליד, וואָס וועט שוין מער נישט ווערן געשטערט דורך קיין שום דיסאָנאַנס, וואָס וועט שוין מער נישט איבערגעריסן ווערן דורך מיינע זיפצן און קרעכצן, דורך מיין בלאַס געזיכט, וואָס באַגלייט דיך אומעטום, ווי אַ מאַנענדער שאָטן! (זי פאַרהוסט זיך שטאַרק, פאַרלירנדיק דעם אָטעם. די גאַנצע צייט, וואָס זי רעדט, שפּרייזט איוואַנאָוו איבער דער סצענע, ווי משוגע, זיך צוהאַלטנדיק מיט ביידע הענט ביים קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך וועלן באַהערשן; נאָכן הוסן הויבט אננאַ פיעטראָוונאַ אָן צו וויינען און שרייען ספּאַזמאַטיש). וואָס האָסטו פון מיר געוואָלט, דו אומפאַרשעמטער (מיט די לעצטע קרעפטן אקצענטירנדיק די ווערטער), דו האַרצלאָזער פאַררעטער, דו געוויסנלאָזער... מערדער!...

## איוואַנאָוו

(הויבט־אָן אַרומצולויפן איבער דער סצענע מיט אַ געוואַלדיקער שנעלקייט, זיך צוהאַלטנדיק מיט ביידע הענט די שלייפן. פלוצלינג גיט ער דאָן אַ כאַפּ אַ שטול און דער לופטן אָן, גיט זי אין ווילדן צאָרן אַ שלידער אויף דער ערד, אויסשרייענדיק).

פאַרשטומט זאָלסטו ווערן, זשידאָווקא!...

(דערזעענדיק איוואַנאָוון שלידערן די שטול, גיט אננאַ פיעטראָוונאַ אַ יאָמערלעכן קוויטש און פאַלט־אַראָפּ פון דער שטול; איוואַנאָוו וואַרפט זיך דאָן אויף די קני פאַר אננאַ פיעטראָוונאַס ליגנדיקן קערפּער).



## איוואַנאָוו.

(וויינט)

אַניאַ, אַניוטאַ, ווי זינדיק איך בין געגן דיר! פאַרגיב מיר!

(כאַפּט איר האַנט צום מויל און קושט זי, ער וואַרפט זי אָבער צוריק מיט שרעק; כאַפּט און פרובט איר פולס... דאַן הויבט ער זיך אָן רייסן די האָר פון קאָפּ, ליגנדיק הייסער אויף די קני ביי איר קערפּער און שרייענדיק אין פאַרצווייפלטער שרעק).

אָ, גאָט! זי איז געשטאָרבן!..

(פאָרהאַנג)

פון דריטן ביזן פערטן אקט גייט־דורך אומגעפער א יאָר.

# פערטער אקט.

אַן אויבּגאַמט-צימער אין לעבעדיקהס חוינונג. אין תינטערגרונד — אַ קאָרי־דאָר, וואָס טיילט־אָפּ דאָס צימער פונם פּרעלטיק־איינגעריכטעטן און מיט זונבּן-ליכט באַגאָסענעם סאַלאָן. רעכטס און לינקס – טירן. סטאַטועס פון בּראָנז און מאַרמאָר. פאַמיליען־פּאָרטרעטן אין גרויסאַרטיקע ראַמען. אין אַ ווינקל שטייט אַ פּיאַנינאָ, אויף וועלכן עס ליגט אַ פידל. אויף דער פּיאַנינאָ אָנגע־לעגט שטייט וויאָלאָנטשעל. אין משך פון גאַנצן אַקט זעט מען, ווי אין זאַל גייען־אַרום זכרים און נקבות געסט אין באַל־קליידונג.

# לוואָוו.

(קומט אַריין, קוקט אויפן זייגער).

פינף אַ זייגער. זעט אויס, אַז באַלד וועט זיך אָנהייבן דאָס בּענטשן און נאָך די בּרכות וועלן מיר נישט לאַנג וואַרטנ־דיק האָבּן די חופּה... אָט ווי עס טריאומפירט דער אמת און דער צדק!,, סאַראַן איז נישט געלונגען צו בּאַרויבּן האָט ער זי פאַרפּייניקט און בּיזן קבר אַריין דערפירט און איצט האָט ער געפונען אַ צווייטע... ער וועט אויך איר חנפענען און אָפּ־נאַרן אַזוי לאַנג ביז ער וועט זי בּאַרויבּן און נאָכן בּאַרויבּן וועט ער זי אויך אַוועקלייגן דאָרט, ווו עס ליגט די אָרעמע סאַראַ. (פּויזע) ער איז אויפן זיבעטן הימל פון גליק, ער וועט זיך שיין אפּלעבּן בּיזן טיפן עלטער אַריין און וועט שטאַרבּן מיט אַ רוהיק געוויסן. ניין, איך וועל דיך אַרויספירן אויפן

ריינעם וואַסער! ווען איך וועל אַראָפּרייסן פון דיר די פאַר־שאָלטענע מאַסקע און ווען אַלע וועלן זיך דערוויסן, וואָס פאַר אַ פויגל דו ביזט, וועסט דו ביי מיר מיטן קאָפּ אַראָפּפליען פון זיבעטן הימל אין אַזאַ גרוב אַריין, אַז פון דאָרט וועט דיך שוין נישט קענען אַרויסשלעפּן אפילו די סטרא אחרא אַליין! איך בין אַן ערלעכער מענטש און מיין מיסיע איז עס צו עפענען די אויגן ביי די בלינדע. איך וועל ערפילן מיין חוב און תיכף צומאָרגנס וועל איך אַנטלויפן פון דער דאָזיקער פאַרשאָלטענער געגנט!... (פאַרקלערט זיך) אָבער וואָס טוט מען? אויסטענהן זיך מיט לעבעדיעוון? דאָס איז אַן אַרויסגעוואָרפענע טרחה. אַרויס־רופן אויף א דועל? מאַכן א סקאַנדאַל? גאָט מיינער! ווי אומ־רוהיק איך ווער, ווי א יונגעלע... וואָס טוט מען? א דועל?

## קאָסיך

(לויפט אַריין, פריילעך צו לוואָוון).

האָב איך נעכטן געהאַט אַ נאַכט — אַ זעלטענע נאַכט! כ'האָב אָן אויפהער געקריגן טייערע קאָרטן, נאָר די גאַנצע מוזיק האָט מיר ווידער קאַליע געמאַכט דער דאָזיקער באַראַבאַ־נאָוו. מיר שפילן. ס'איז זיין רוף. ער פּאַסעט. דערנאָך פּאַסעט ער ווידער. איך שפּיל־אויס שעל און נאָך א שטיקעלע שעל. דערנאָך נעמט ער אַריבער און שפּילט־אויס א שטיקעלע אייכל... (מיט א גדולה) און שטעלט אייך פאָר... איר קענט אייך פאַר־שטעלן...

## לוואָוו.

ענטשולדיקט מיר זייער. איך שפּיל נישט אין קיין קאָרטן און דערום קען איך נישט משיג־זיין אייער ענטציקונג. ס'וועט זיך באַלד אָנהייבן דאָס בענטשן!



## קאָסיך.

מסתמא באַלד. זיוזיושקאַ פאַלט כסדר אין חלשות און מען האַלט זי אין איין מינטערן. זי באַוויינט נעבעך דעם נדן.

## לוואָוו.

און נישט די טאָכטער?

## קאָסיך.

דעם נדן, דעם נדן... און זי איז איבערהויפּט פול מיט דאגות. וועט ער חתונה האָבן, וועט ער דאָך שוין דעם חוב נישט באַצאָלן. דעם איידעמס וועקסלען וועסט דו דאָך נישט גיין פּראָטעסטירן.

## באַבאַקינא

(אויסגעפּוצט אין א שיין באַל־קלייד גייט־דורך שטאָלץ איבער דער סצענע לעבן לוואָוון און קאָסיכן. דער לעצטער גיט א פּאַטש מיט די הענט; זי קוקט זיך אום).

גאַר!

(קאָסיך רירט זי אָן מיט א פינגער ביי דער טאַליע און לאַכט).

## באַבאַקינא.

פויער

(זי גייט אַוועק).

## קאָסיך

(לאַכט).

זי איז אינגאַנצן צורודערט געוואָרן די נקבה! איידער

זי האָט אָנגעהויבן צו קריכן אין די הויכע פענסטער איז זי געווען אַ באַבע ווי אַלע באַבעס און אַצינד טאָרסטו זיך שוין צו איר נישט צורירן אפילו (קאָפּירט ווי זי האָט גערעדט). פויער!

לוואָוו

(אויפגערעגט).

זאָגט מיר, כ'בעט אייך, אויפריכטיק: ווי איז אייער מיי־נונג וועגן איוואַנאָוון.

קאָסיך.

ער איז גאָרנישט ווערט. ער שפּילט, ווי אַ שוסטער, פאָ־ריגעס יאָר איז געווען אַזאַ מעשה. מיר זעצן זיך שפּילן: איך, דער גראַף, באָרקין און ער. איך דאַרף אַרויסגעבן...

לוואָוו

(איבערשלאָגנדיק)

ער איז עפּעס אַ פיינער מענטש!

קאָסיך.

ער? נישט־קשה פון אַ נ׳ר! דורך פייער און וואַסער איז ער שוין דורכגעגאַנגען. ער און דער גראַף זענען אַ שיינע פּאָר. מיט דער נאָז דערשנאַפן זיי וואו עס ליגט עפּעס שלעכט. ביי דער זשידאָווקא האָט ער געהאַט אַ מפּלה, גרייט ער זיך איצט צו זיוזיושקאַס קאַסטענעס... איך גיי מיט אייך אַ געוועט, זאָל איך דריי מאָל פאַרשאָלטן ווערן, אויב ער וועט צייט אַ יאָר זיוזיושקאַן נישט אַוועקשיקן אויף יענער וועלט. ער — זיוזיוש־



קאַן און דער גראַף — באַבאַקינאַן. זיי וועלן זיך צונעמען דאָס געלטעלע און וועלן זיך לעבן און לייבן און וועלן נאָך פיל גוטס דערלעבן... דאָקטאָר, וואָס זענט איר היינט אַזוי בלייך? איר האָט דאָך שוין גאָר קיין פּנים נישט!

לוואָוו.

ס'איז גאָרנישט, סתם אַזוי זיך. כ'האָב נעכטן געטרונקען אַביסעלע איבער דער נאָרמע.

לעבעדיעוו

(אַריינקומענדיק מיט סאַשאַן).

דאָ וועלן מיר רעדן (צו לוואָוו און קאָסיכן) וואָס דרייט איר זיך דאָ אַרום? גייט אַריין אין זאַל צו די פריילײנס. מיר דאַרפן דאָ רעדן אַ סוד.

קאָסיך

(דורכגייענדיק לעבן סאַשאַן, קנאַקט פּייערלעך מיט די פינגער).

אַ בילד! אַ לאַנדשאַפט! אַ דאַמע טראָמפּף!...

לעבעדיעוו.

נו, גיי שוין דורך, דו הייל-נפש, אַ כוף.

(לוואָוו און קאָסיך גייען אַוועק)

לעבעדיעוו.

זעץ דיך, שוראָטשקאַ, אָט אַזוי... (זעצט זיך און קוקט זיך אום) הער אויפמערקזאַם און מיטן געהעריקן ערנסט. די זאַך איז אָט וואָס: דיין מוטער האָט מיך געהייסן דיר איבערגעבן פאָלגענ־

דעס... דו פֿאַרשטייסט? איך רעד נישט אין מיין אייגענעם נאָ־מען, נאָר די מאַמאַ האָט געהייסן.

סאַשאַ.

פּאַפּאַ, מאַך עס בקיצור!

לעבעדיעוו.

אַלס נדן איז פאַר דיר באַשטימט געוואָרן 15 טויזנט רובל כסף טהור. אָט וואָס... הער זשע דיך צו, כדי ס׳זאָלן דערנאָך נישט זיין קיין טענות! אַלזאָ באַקומסטו, הייסט עס, 15 טויזנט, נאָר נעמענדיק אין אכט, אַז ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש איז שולדיק דיין מאַמען ניין טויזנט, ווערט דער חוב אָפּגע־רעכנט פון דיין נדן... נו, דערנאָך, חוץ דעם...

סאַשאַ.

צוליב וואָס דערציילסטו מיר דאָס?

לעבעדיעוו.

די מאַמא האָט געהייסן!

סאַשאַ.

לאָזט מיך רוען! ווען דו וואָלסט געווען געהאַט כאָטש אַ ביסעלע אַכטונג צו מיר און צו זיך אַליין וואָלסטו דיר נישט ערלויבט צו רעדן מיט מיר אויף אַזאַ אופן. איך דאַרף נישט אייער נדן! איך האָב נישט געבעטן און איך בעט עס נישט ביי אייך!

לעבעדיעוו.

פאַרוואָס זשע האָסט דו זיך אַזוי אַרויפגעוואָרפן אויף מיר?



סאַשאַ.

לאָזט מיך אָפּרוען מיינע נערוון! באַליידיקט נישט מיין געהער מיט אייערע גראָשנדיקע חשבונות.

לעבעדיעוו

(אויפגערייצט).

טפו זאָל עס אַלץ ווערן! איר אַלע וועט מיך ברענגען דערצו, אַז איך וועל זיך מיט אַ מעסער דערשטעכן אָדער כ׳וועל עמעצן צושניידן אויף שטיקער! זי דאַרט רייסט פון מיר טאָג־טעגלעך שטיקער פלייש, בייסט און זעגט מיך און נור זי ציילט די קאָפּיקעס און די דאָזיקע קלוגע, הומאַניטאַרע־צו אַלדי טייוול — עמאַנציפּירטע, קען נישט פאַרשטיין קיין לייבלעכן טאַטן! איך באַליידיק דאָס געהער! אָבער פריער, איי־דער איך בין דאָ אַהער געקומען באַליידיקן דיין געהער, האָט מען דאָך מיך דאָרט (ווייזט אויף דער טיר) אויף שטיקער געשניטן, געפּערטלט. זי קען נישט פאַרשטיין!... דעם קאָפּ האָבן זיי מיר פאַרדרייט און ווֹאָבן מיך אינגאַנצן פון דרך אַראָפּגעשטויסן... נו, זאָל אייך!... (גייט צו דער טיר און שטעלט זיך אָפּ). עס געפעלט מיר נישט. אַלץ אין אייך געפעלט מיר נישט!

סאַשאַ.

וואָס געפעלט דיר נישט?

לעבעדיעוו.

אַלץ געפעלט מיר נישט! אַלץ!

סאַשאַ.

וואָס אַלץ?

## לעבעדיעוו.

איך לויף שוין אַנידערזעצן זיך פאַר דיר און אַלץ אָנ־הייבן צו דערציילן. קיין שום זאַך געפעלט מיר נישט און אויף דיין חתונה וויל איך אפילו נישט קוקן! (גייט צו צו סאַשאַן און רעדט צו איר צאַרט). ענטשולדיק מיר, שוראָטשקאַ. ס׳קען זיין, אַז דיין חתונה איז אַ קלוגע, אַן ערלעכע, אַן ערהאַבענע, מיט פרינ־ציפּן, נאָר עפּעס איז אין איר נישט דאָס, נישט דאָס!... זי איז נישט ענלעך צו אַנדערע חתונות. דו ביזט יונג, פריש, ריין, ווי אַ גלעזעלע, שיין, און ער — אַן אַלמן, פאַר דער צייט פאַרעלטערט, פאַרמאַטערט... און איך פאַרשטיי אים נישט. גאָט איז מיט אים (קוקט די טאָכטער). שוראָטשקאַ, זיי מיר מוחל, נאָר עפּעס איז עס נישט אינגאַנצן ריין. מענטשן פלוישן און דער־ציילן עפּעס ווילדע מעשׂות אויף וואָס פאַר אַן אופן ס׳איז ביי אים געשטאָרבן די דאָזיקע סאַראַ און דערנאָך ווי אַזוי ס׳האָט זיך אים פּלוצלינג פאַרגלוסט חתונה צו האָבן מיט דיר... (לעב־דיאפּס). איבריקנס זאָלסטו מיך גאָרנישט הערן. קיינעם זאָלסטו נישט הערן, נאָר זיך אַליין.

## סאַשאַ.

פּאַפּאַ, איך פיל אַליין, אַז ס׳איז עפּעס נישט דאָס... ווען דו וואָלסט געוואוסט, ווי אומערטרעגלעך-שווער מיר איז! מיר איז אומבאַקוועם און שרעקלעך זיך מודה צו זיין דערין. פּאַפּאַ, טייערער, גיב מיר צו מוט, כּוח... לערן מיך, וואָס צו טון.

## לעבעדיעוו.

וואָס זאָל דאָס באַדייטן? רעד קלאָר.

## סאַשאַ.

איך האָב נאָך קיינמאָל זיך נישט געפילט אַזוי שרעקלעך,



חי איצט (קוקט זיך ארום). מיר דאַכט זיך, אַז איך פאַרשטיי אים נישט און אַז איך וועל אים קיינמאָל נישט פאַרשטיין. פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס איך בין זיין כּלה, האָט ער קיין איין מאָל קיין שמייכל נישט געגעבן און קיין איין מאָל האָט ער מיר גלייך אין די אויגן אַריין נישט געקוקט. אייביק קלאָגט ער זיך, שטענדיק האָט ער נאָר חרטה אויף עפּעס־וואָס און פּלוצלינג ווערט ער גאָר דערציטערט און הייבט־אָן צו רעדן עפּעס אַזוי געהיימניספול וועגן זיינע שווערע זינד. איך בין מיד געוואָרן. ס׳זענען אפילו דאָ מינוטן, ווען מיר דאַכט זיך, אַז איך... איך ליב אים נישט אַזוי שטאַרק, ווי מען דאַרף. און ווען ער קומט צו אונז צו פאָרן אָדער ער רעדט מיט מיר, ווערט מיר אומעטיק. וואָס זאָל דאָס אַלץ באַדייטן, פּאַפּאַ? ווי שרעקלעך!

## לעבעדיעוו.

טייבעלע מיינס, מיין טייער איינציק קינד! הער אַן אַלטן טאַטן: זאָג אים אָפּ!

## סאַשאַ.

(דערשראָקן)

וואָס רעדסטו?

## לעבעדיעוו.

אמת, שוראָטשקאַ, ס׳וועט זיין אַ סקאַנדאַל, די גאַנצע געגנט וועט זיך צוקלינגען מיט די צינגער, נאָך ס׳איז דאָך בעסער איין מאָל איבערצולעבן אַ סקאַנדאַל, איידער זיך אומ־גליקלעך צו מאַכן אויפן גאַנצן לעבן.

### סאַשאַ.

רעד נישט אַזוי, פּאַפּאַ! איך וויל דאָס נישט הערן אפילו. מען דאַרף קעמפן מיט די פינסטערע געדאַנקען. ער איז אַן אָנשטענדיקער, אומגליקלעכער און נישט־פאַרשטאַנענער מענטש. איך וועל אים ליבן און היילן און איך וועל אים ענדלעך שטעלן אויף די פיס. איך וועל ערפילן מיין אויפגאַבע. די זאַך איז באַשלאָסן!

### לעבעדיעוו.

דאָס איז נישט קיין אויפגאַבע — דאָס איז פּסיכאָפּאַטיע.

### סאַשאַ.

גענוג. איך האָב זיך פאַר דיר מתוודה געווען אין אַ ענין, אין וועלכן איך האָב נישט געוואָלט זיך מודה זיין אפילו פאַר זיך אַליין. זאָג עס קיינעם נישט. לאָמיר אָן דעם פאַרגעסן.

### לעבעדיעוו.

איך פאַרשטיי גאָרנישט. אָדער איך בין שוין טעמפּ געוואָרן פון זקנה אָדער איר אַלע זענט געוואָרן אַזעלכע חכמים און נור איך — כאָטש צושניידט מיך — פאַרשטיי גאָרנישט.

### שאַבעלסקי

(אריינקומענדיק).

אַז דער טייוול זאָל כאַפּן אַלע און מיך אויך בתוכם! מען קען דאָך פּלאַצן?



### לעבעדיעוו.

וואָס איז דיר געשעען?

### שאַבעלסקי.

ניין, ערנסט... ווען ס'זאָל אפילו אַלץ אויף־און אונטער־גיין מוז איך זען דורכצופירן עפּעס אַזאַ מין געמיינהייט, אַז ס'זאָל נישט נור מיך, נאָר אַלעמען אָנהייבן צו עקלען... און איך וועל עס מאַכן... עהרן־וואָרט! איך האָב שוין געזאָגט באַרקינען, אַז ער זאָל מיך היינט ערקלערן אַלס חתן (לאַכט). אַלע זענען נידערטרעכטיק, וועל איך אויך זיין נידערטרעכטיק.

### לעבעדיעוו.

דו ביסט מיר צוגעגעסן געוואָרן! הער, מאַטוויעי, דו וועסט זיך דעררעדן דערצו, אַז מען וועט דיך — ענטשולדיק פאַרן אויסדרוק — אין געלן הויז אַוועקפירן.

### שאַבעלסקי.

און מיט וואָס איז דאָס דאָס געלע הויז ערגער, ווי דאָס ערשטע-בעסטע ווייסע אָדער רויטע הויז? טו מיר אַ טובה און זאָל מען מיך כאָטש שוין דאָרט אַהינפירן. אַלע זענען געמיין, קליינלעך, נישטיק און טאַלענטלאָז. און אפילו זיך אַליין בין איך שוין אויך נמאס ומאוס געוואָרן און איך גלויב נישט קיין איין אייגן וואָרט...

### לעבעדיעוו.

ווייסטו וואָס, ברודער? נעם אין מויל אַריין אַ פּאַקעל, צינד אים אָן און רויכער אויף די מענטשן. אָדער נאָך בעסער:

נעם דיך היסל און פאַר אַהיים. דאָ איז אַ חתונה, אַלע פרייען זיך, און דו קראַ-קראַ, ווי אַ קראָ. וואָס האָט דאָס פּאַר אַ זין ?

(שאַבעלסקי בייגט זיך אַראָפּ צו דער פּיאַנינאָ און וויינט).

לעבעדיעוו.

מאַטוויעי!... גראַף!... וואָס טוט זיך מיט דיר ?... מלאך מיינער... איך האָב דיך באַליידיקט ?... נו, ענטשולדיק זשע מיר... זיי מוחל אַן אַלטן הונט, אַ שכור... טרינק אַ ביסל וואַסער און באַרוהיק דיך.

שאַבעלסקי.

מען דאַרף נישט.

(הייבט-אויף דעם קאָפּ).

לעבעדיעוו.

וואָס וויינסטו ?

שאַבעלסקי.

עס... גאָרנישט... גלאַט אַזוי זיך.

לעבעדיעוו.

ניין, גוטער ברודער, זאָג נישט קיין ליגנס. וואָס איז די סבה ?



שאַבעלסקי.

איך האָב געגעבן אַ קוק אויפן דאָזיקן חיאָלאָנטשעל, האָב איך זיך דערמאָנט... אָן דער זשידאָוואָטשקאַ...

לעבעדיעוו.

געפונען אַ צייט, ווען זי צו דערמאָנען !... אַ ליכטיקן גן-עדן זאָל זי דאָרט האָבן, אָבער איצט רעדן וועגן איר ?...

שאַבעלסקי.

איך פלעג מיט איר שפּילן דועטן... זי איז געווען אַ וואונ-דערלעכע, אַ פּרעכטיקע פרוי !...

(סאַשאַ צושיינט זיך הויך).

לעבעדיעוו.

וואָס ווילסט דו, ווידער? גאָט מיינער ! זיי האָבן זיך צוקלאָגט און איך... איך... גייט כאָטש אַוועק פון דאַנען, די געסט וועלן דאָך דערזעען !...

שאַבעלסקי.

ווען די זון שיינט איז אויך אויפן בית-עולם פריילעך, ווען ס'איז דאָ אַ האָפנונג איז אויך אויף דער עלטער גוט. און ביי מיר איז נישטאָ קיין איין האָפנונג, קיין איינע נישט !

לעבעדיעוו.

יאָ, אמת, אַז דיר איז נישט זייער פריילעכדיק... נישט קיין קינדער האָסט דו, נישט קיין געלט, נישט קיין בעשעפטיגונג...

נו, וואָס קען מען מאַכן !... (צו כאַשאַן) און וואָס ווילסט דו?

### שאַבעלסקי.

פריינד, גיב מיר געלט. אויף יענער וועלט וועלן מיר זיך קווימירן, כ׳וועל אָראָפּפאָרן קיין פּאַריז, כ׳וועל געבן אַ קוק אויפן קבר פון דער פרוי. אין מיין לעבן האָב איך פיל געגעבן, כ׳האָב צוטיילט אַ העלפט פון מיין פאַרמעגן און דערפאַר האָב איך דאָס רעכט צו בעטן. חוץ דעם בעט איך דאָך ביי אַ פריינד...

### לעבעדיעוו

(צושטרייט).

טייבעלע מיינס, איך האָב דאָך קיין קאָפּיקע נישט! איבעריקנס, גוט, גוט! דאָס הייסט, איך זאָג נישט צו, נאָר פאַרשטייסט?... זייער גוט!... (אין דער זייט). זיי האָבן מיך פאַרמאַטערט!

### באַבאַקינאַ

(קומט אריין).

וואו זשע איז מיין קאַוואַלער? גראַף, ווי אַזוי וואַגט איר מיך איבערצולאָזן אַליין? או, עקלהאַפטער!

(שלאָגט דעם גראַף מיטן פעכער איבער דער האַנט).

### שאַבעלסקי

(מיט פאַראַכטונג).

לאָזט מיך אָפּ! איך האַס אייך!



### באַבאַקינאַ

(דערשראָקן).

וואָס?... האַ?...

### שאַבעלסקי.

אַוועק פון מיינע אויגן!

### באַבאַקינאַ

(פאַלט אויף דער שטול).

אַך!

(חלשט).

### זינאַאידאַ סאַווישנאַ

(קומט אריין וויינענדיק).

דאָרט איז עמעץ געקומען צו פאָרן... דאַכט זיך, אַז דאָס איז ד׳עם חתנס אונטערפירער. ס׳איז שוין צייט אָנצוהייבן די ברכות...

(יאָמערט).

### סאַשאַ

(מיט אַ בעטנדיקן טאָן).

מאַמאַ!

### לעבעדיעוו.

נו, אַלע האָבן זיך צובּרילט! אַ קוואַרטעט!... מאַטוויעיו...
מאַרפאַ יעגאָראָוונאַ!... אויב אַזוי וועל איך דאָך... מיך אויך
צוויינען!... (חיינט.) אָ גאָט!

### זינאאידאַ סאַווישנאַ.

אויב די מאַמע איז דיר נישט נייטיק, אויב פּאָלגן דאַרף
מען שוין נישט, וועל איך דיר מאַכן דאָס פאַרגעניגן, וועל איך
דיך בּענטשן...

(ס'קומט אריין איוואַנאָוו; ער טראָגט אַ פראַק און הענטשקעס).

### לעבעדיעוו.

דאָס האָט מען נאָך בּאַדאַרפט! וואָס איז געשעען?

### סאַשאַ.

נאָך וואָס ביסט דו געקומען?

### איוואַנאָוו.

ענטשולדיקט מיר, מיינע הערען, ערלויבּט מיר זיך דורכ־
צורעדן מיט סאַשאַ אויג־אויף־אויג.

### לעבעדיעוו.

מען פירט זיך נישט, אַז מען זאָל אין חופּה־טאָג קומען
צו פאָרן צו דער כּלה פאַר דער חופּה! דו דאַרפסט שוין איצט
פאָרן אין דער קירך!



### איוואַנאָוו.

אָבער איך בּעט...

(לעבעדיעוו הייבּט מיט די אַקסלען און פאַרלאָזט דאָס צימער; ס'גייען אויך אַרויס
זינאאידאַ סאַווישנאַ, דער גראַף און באַבאַקינאַ).

### סאַשאַ

(שטרענג).

וואָס האָסט דו געוואָלט?

### איוואַנאָוו.

מיך שטיקט די אויפרעגונג, אָבער איך קען רעדן קאַלט־
בלוטיק. הער. איך בּין זיך געגאַנגען אָנטון צו דער חופּה, האָב
איך געזעבן אַ קוק אין שפּיגל און האָב דערזעען אויף די שלייפן...
גראָע האָר. שוראָטשקאַ, מען דאַרף דאָס נישט! כּל זמן ס'איז
נאָך נישט שפּעט דאַרף מען איבּערהאַקן די דאָזיקע זינלאָזע
קאָמעדיע... דו בּיזט יונג, ריין, דו האָסט פאַר זיך אַ לאַנג און
אינטערעסאַנט לעבן, און איך...

### סאַשאַ.

דאָס אַלץ איז נישט ניי. איך האָב עס שוין טויזנט מאָל
געהערט און עס איז מיר שוין פאַרמיאוסט געוואָרן הערנדיק!
פאַר־אַוועק אין דער קירך און האַלט נישט אויף קיין מענטשן.

### איוואַנאָוו.

איך וועל בּאַלד פאָרן אַהיים און דו ערקלער דאָ דיינע
אייגענע, אַז די חתונה וועט נישט פאָרקומען. גיב זיי עס ווי
עס איז צו פאַרשטיין. ס'איז שוין צייט זיך צו נעמען צום

שׂכל. איך האָב אָפּגעשפּילט האַמלעטן און דו — די ראָל פון אַן אָריגינעל מיידל — און פּטור.

**סאַשא**

(אויפפלאַמענדיק).

וואָס איז דאָס פאַר אַ טאָן! איך הער נישט.

**איוואַנאָוו.**

און איך רעד און וועל ווייטער רעדן.

**סאַשא.**

נאָך וואָס ביסט דו געקומען צו פאָרן? דיין פייניקן גייט איבער אין חוזק־מאַכעריי.

**איוואַנאָוו.**

ניין, איך פייניק נישט! חוזק? יאָ, איך מאַך חוזק. און ווען ס'וואָלט מעגלעך געווען אָפּצושפּאָטן פון זיך אַליין נאָך טויזנט מאָל שטאַרקער, און צו צווינגען די גאַנצע וועלט צו לאַכן, וואָלט איך עס געטון! איך האָב געגעבן אַ קוק אויף זיך אין שפּיגל — און אין מיין געוויסן האָט ווי עפּעס געפּלאַצט! איך האָב זיך צולאַכט איבער זיך אַליין און פון בזיון בין איך שיער פון זינען נישט אַראָפּ (לאַכט). מעלאַנכאָליע! טיפע בענקשאַפט! וועלט־שמערץ! ס'פעלט מיר שוין נישט מער, נאָר שירים צו שרייבן. אָנצוזאָגן אַ מרה־שחורה אויף מענטשן, מודה זיין זיך, אַז די לעבנס־ענערגיע איז שוין פאַרלוירן אויף אייביק. אַז איך בין פאַרראָסט געוואָרן, אַז איך האָב שוין אָפּגעלעבט מיינס, אַז איך האָב זיך אונטערגעגעבן דער יאוש־



ממשלה און בין ביז איבער די אויערן פאַרקראָכן אין דער דאָזיקער געמיינער מעלאַנכאָליע, -- דאָס אַלץ מודה צו זיין, ווען די זון שיינט אַזוי העל, ווען אפילו די מוראַשקע שלעפּט איר משא און איז צופרידן מיט זיך, — ניין, מיין ליבע! זעען, ווי איינע האַלטן דיך פאַר אַ שאַרלאַטאַן, די אַנדערע באַדויערן דיך, די דריטע ציען דיר אויס אַ האַנט צו העלפן און די פערטע — וואָס איז ערגער פון אַלעם — הערן זיך צו מיט יראת־הכבוד צו דיינע זיפצן, קוקן אויף דיר ווי אויף אַ צווייטן מחמד און וואַרטן, אַז אָט־אָט וועסט דו זיי ענטפּלעקן אַ נייע רעליגיע... ניין, סאַשא! איך האָב נאָך, דאַנקען גאָט, שׂכל און געוויסן! ווען איך בין אַהער געפאָרן האָט מיך אָנגענומען אַ ביטער געלעכטער איבער זיך אַליין און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז פון מיר לאַכן די פייגל, עס לאַכן די ביימער...

**סאַשא.**

דאָס איז דאָך משוגעת!

**איוואַנאָוו.**

אַזוי מיינסטו? ניין, איך בין נישט משוגע, איצט זע איך נור די זאַכן אין זייער אמתן ליכט און מיין געדאַנק איז פונקט אַזוי ריין, ווי דיין געוויסן. מיר ליבן איינער דעם צווייטן, נאָר אונזער חתונה וועט נישט פאָרקומען! אַליין קען איך מיר שלאָגן קאָפּ אָן וואַנט, נאָר איך האָב נישט קיין רעכט אומגליקלעך צו מאַכן אַנדערע! מיט מיין עצבות האָב איך פאַרגיפטעט דער פרוי דאָס לעצטע יאָר פון איר לעבן. צייט דו ביסט מיין כלה האָסט דו פאַרגעסן ווי אַזוי מען לאַכט און ביסט פאַרעלטערט געוואָרן אָן יאָרן. דיין פאָטער, פאַר וועלכן אַלץ אין לעבן איז געווען קלאָר, האָט צוליב מיר אויפגעהערט צו פאַרשטיין מענטשן. צי איך פאָר אויף אַ צוזאַמענפאָר, צי איך קום צו־גאַסט, צי אויף דער יאַגד, — וואו איך זאָל זיך נישט באַ־

ווייזן, אומעטום פראַג איך מיט זיך טרויער, אומצופרידנהייט, פײַנלעכקייט. וואַרט, שלאָג מיר נישט איבער! איך בין געוואָרן שאַרף, גראָב, נאָר – זיי מיר מוחל — דער צאָרן שטיקט מיך און אַנדערש רעדן קען איך נישט. איך האָב קיינמאָל קיין ליגנט נישט געזאָגט, איך האָב קיינמאָל דאָס לעבן נישט באַ־רעדט, נאָר ווערנדיק אָנגעברוגזט אויף דער גאַנצער וועלט, האָב איך, געגן אייגענעם ווילן, אַליין נישט באַמערקנדיק דאָס, אָנ־געהויבן צו רעדן לשון־הרע אויפן לעבן, צו מורמלען אויפן מזל, צו קלאָגן־זיך, און יעדער, וואָס הערט מיך נור, ווערט אָנגעשטעקט מיט עקל צום לעבן, און הייבט אויך אָן צו רכילותן. און וואָס פאַר אַ טאָן! אַזוי ווי איך וואָלט געווען געטון אַ געפעליקייט דער נאַטור, וואָס איך לעב. אַז דער טייוול זאָל מיך כאַפּן!

## סאשא.

וואַרט נור... פון דעם, וואָס דו האָסט נור־וואָס געזאָגט, איז געדרונגען, אַז די מרה־שחורה איז דיר שוין דערעסן געוואָרן און אַז ס׳איז שוין צייט אָנצוהייבן אַ ניי לעבן!... איז דאָך אויסגעצייכנט!...

## איוואַנאָוו.

איך זע נישט קיין שום אויסגעצייכנטעס!... און וואָס פאַר אַ ניי לעבן, אומשטיינס געזאָגט! איך בין אויף אייביק פאַרלוירן. ס׳איז שוין צייט, אַז מיר ביידע זאָלן דאָס פאַרשטיין.

## סאַשאַ.

ניקאָלאַי, דערמאָן דיך, וואָס דו רעדסט! פון וואַנען איז צו זען, אַז דו ביסט פאַרלוירן? וואָס איז דאָס פאַר אַ ציניזם! ניין, איך וויל נישט מער רעדן און איך וויל נישט מער הערן... פאַר אין דער קירך!

מיין אדרעס:

Chil-Majer Braun

Warszawa-Praga

Szeroka 33 m. 16

Poland

